

יצחק קאַנטעס

# איינזאַמע שעה'ן

געדיכטע

יצחק קאנטעם

# איינזאמע שעה'ן

(געדיכטען).



# הקדמה.

מען זאָגט — איך ווייס נישט צו מיט רעכט — אַז די שרעק־ליכע צייטען, וואָס מיר לעבען זיי דורך, האָבען אין אונז געהרגט יעדעם געפיהל פאַר דעם, וואָס איז שיין, עהרליך און ריין. ווען דאָס איז אָבער אמת, מוזען די געדיכטע פון קאנטעס טאַקע זיין קינסטלעריש פיין און מוזען קומען פון זיינע טיפסטע ערלעבנישען׳ ווייל זיי בעריהרען אין אונזער נשמה די צאַרטעסטע געפיהלען׳ ווייל זיי שפילען אויף איהר, ווי אויף אַ גוט געשטימטען אינס־טרומענט. גאָר נישט בעווייזט אַזוי בעשאַמפערליך דעם ווערט פון פאָעזיע, ווי דער איינדרוק, דער ווידער־קלאַנג, וואָס זי וועקט און אונזער האַרץ.

קאָנטעס איז אַ ראַמאַנטיקער. מיר הייבען שוין אן אין דעם געיעג פון׳ם לעבען צו פערגעסען, וואָס דאָס הייסט ראַמאַנטיק; מיר געדענקען נישט מעהר דאָס זיסע, טרייסטענדע, איינוויגענדע פון די ליעדער, וואָס האָבען אונז דערציקט פאַר דער מלחמה. און דאָך איז דאָס אַ עברה געגעניבער אונז אַליין, געגעניבער אונזער אייגען „איך.״ אין דער ראַמאַנטיק ליגט אַזוי פיל גוטס, אַזוי פיל אידעאַל, אַזוי פיל איידעלקייט און שיינקייט, אַז אַלע די מאָדנע שטרעמונגען צוזאַמען פערמאָגען נישט אַ מאָל אַ טייל דערפון. דער אייביגער קאַמף מיט בייזקייט און שלעכטס, דער בונט אַקעגען אונטערדריקונג און שקלאַוועריי, טיפע אמונה אין אַ העלערן עתיד, בונטע חלומות פון שענקייט און ליכט, אַ טיפע זעהנזוכט נאָך ארץ־ישראל, ליבע צום פאָלק און שמערץ וועגען זיין טרויריגער לאַגע — אָט דאָס זענען די טענער, וואָס הילכען און קלינגען, וויינען און קלאָגען, זינגען און רוישען אין קאָנטעסעס לידער. עס לעבט אין זיי

. דער גייסט פֿון קאנאפניצקאַ און דעמעל, פֿון רייזען און ראָזענ־פֿעלד, פֿון אַלע די, וואָס האָבען נישט געזאָרגט וועגען מאָדע און רעקלאַמע, נאָר זענען שטיל געגאַנגען זייער וועג, וואָס האָט זיי געפֿיהרט צום דערקענען און שילדערן פֿון זייער אייגענעם, אינערעם לעבען. קאָנטעס האָט אויך דעם וועג געפֿונען און ווייסט אונז צו דערצעהלען אַ סך שיינע, און אַ סך אינטערעסאַנטע פרטים פֿון זיין געפֿיהלס — און געדאַנקענוועלט. מעג זיי יעדער לעזען און געניסען מיט דעמזעלבען תענוג, ווי איך.

פֿעבער 1921 — דר. מ. בינענשטאק.



## חלומות

געהט וואו אַמ׳יסטען דאָס לעבען זיך ברענט
אַ פּאָעטישען קלאַנג אָהין טראָגען!
ווי שטילע, גוטע בענשענדיגע הענד
היילט וואונדען פון׳ם לעבען געשלאָגען.
איך בעשווער! זאָל קיינער פון אייך ווייכען.
אין גאַסען געהט זאַמלען פערגאָסענע טרעהרען,
גיסט צינויף אַלע אין ביטערע טייכען,
דעם שקלאָפּענפאָלק ווייזט, ווייל טאָ וועט עס קלערען
עס איז גענוג!

פון פּאַלשע הימלען געהט רייסען דעם שלייער
און רייסט אָב דעם טרויר פון פערגליווערטע גרובער,
צונד אָן אין הערצער אַ ברענענדיג פייער,
וועקט אויף דעם ווילען, וועקט אויף אַ פיבער,
וועקט אויף אַ קראַפט, וואָס קענען זאָל פיהרען
מיט דעם טויד אויך אַ קאַמף פון דעם לעבען!
נעמט ביי דעם ווינד, ביי דעם שטורם אייך לירען,
אַ שטורעמליד זינגט! זאָל עס אַרויס׳צ׳ועבען
יעדען תלין דערשטיקען, אומ׳וואַרפען די דריקער.
זאָל עס אָנשלאגען מיט מאַכט אין די שטערען
און תפיסות איינרייסען אין שטיקער
ביז פון דעם עלענד פריי וועט דאָ ווערען!
געהט אין קאַמף! געהט מיינע שטאַרקע געהט מיינע שטילע.
נישט מיט קיין שווערטען, נישט מיט קיין שפיזען
פון קברים רייסט אויף ווי די פונקען געפיהלע,
קעמפט מיט די הערצער — און קעמפט ווי די ריזען!

איך הער שוין אייער גאַנג ! עס רוישן ווי שטאָל אייך די פֿליגעל
און טויזענד גבורים בײַ זייער קלאַנג זיך אויפֿוועקען
געבראָכען איז צייטענס פֿערשאָלטענער זיגעל
טויזענדער הערצער זיך פליצלינג ענטפלעקען !
איך הער שוין אין לופֿטען אייער זיגעריש זינגען
און עס שטעהט אויף פֿול קראַפֿט פֿון דער טיף די נשמה,
ס'הויבט אָן אין מאַסען צו זידען, צו קלינגען,
עס געהט אַ געזאַנג פֿון פֿרייד און נחמה !
שטיל — ווי עס רוישען פֿערפֿאַלענע סטרונעס,
וואָס האָבען פֿון לאַנג דורך דער נויט דאָ געשוויגען !
מען הערט שוין קיין זיפֿצען, פֿערגעסען די קנות,
עס קימט אָן די קראַפֿט — און זי וועט דאָ זיגען !

צו אפשר — איז אין קברים קאַלטע
יעדער גייסט שוין באַלד פֿאַרבײַ ?
אין מצבות קרומע, אלטע
שלאָגט זיך אָב נאָר אַייער געשריי ?
אפֿשר איז בית־עולם־נאַכט,
ווען לצנים זיך נור קריגען
און דער טויטענוועכטער — וואַכט
תמיר בלייבט אויך איהר דאָרט ליגען ?

איהר קומט צוריק ?
האָט קיינער דאָרט זיך אָנגערופֿען ?
קיינער אייך געזעהן, געפֿרעגט אייך ווער איהר זענט ?
נאָר טרעהרען אייך פֿון ד'אויגען טריפֿען ?
מיינע טרעהרען. — וואָס אַייך די אויגען ברענט
דאָס איז מיין שמערץ ! פֿון מיין וועה געשאַפֿען
מוזט איהר אָרעמע גלייך מיט מיר זיך קלאָגען !

קומט איהר מאַרטערן מיך אַ שלאַפֿען,
ווייל איהר מוזט מיין לייד אויך טראָגען!
קומט איהר גרוילען, קומט איהר שפעטען,
אַך, קומט נעמען זיך נקמה!
מיט אַ קללה כאָטש אָנזעטען
אויף אייער אָנהויב — מיין נשמה!
קומט איהר מיט אַ גהנום׳שען געלעכטער,
וואָס פֿון מיינע האַרצחלומות
איך אַליין בין נאָר דער וועכטער!
כאָטש אין האַרץ מיר וועלצען תהומות
זיך פֿול שמערצען — כ׳וויל קיין צאַנקען
פֿון מיין ליכט! — און כאָטש פֿון טרוימען בלייך,
כאָטש איהר מארטערט מיך אַ קראַנקען,
אין מיין האַרץ — איך טראָג נאָך אייך!
כאָטש פֿינסטערער און פֿינסטערער אַלץ ווערט,
איך שלאָף נישט איין — נישט דאָס איז מיר בעשערט!

# די ערשטע זון

(אַ לעגענדע)

ליכט זאָל דאָ ווערן, האָט גאָט אויסגעריפֿען
און אַ זון איז געקומען פֿון וואַסערנס טיפֿען,
הויך אויפֿגעגאַנגען, געשטעלט אין זעניט
און אַלע וועלטעקען מיט שטראַהלען בעשיט.

דער תהום האָט די סודות פֿון זיך אָבגעגעבען,
פֿון זיי זיך געוויקעלט האָט אָפֿען דאָס לעבען
און פֿריי דער געדאַנק זיינע בלעטער פֿערשפרייט
דאָס געפֿיהל האָט געפֿלאָכטען זיין גילדענע קייט...

נור מאָל האָט אַנ׳אָדלער אין שטיקער צעריסען
אַ נאַכטיגאַל, ווען מיט אַ קול האָט אַ זיסען
דערקוויקט זי גאָטס אויער מיטן ערשטען געזאַנג!
און פֿערטראַכט האָט זיך גאָט—און געטהון האָט איהם באַנג!

דאָך איז נישט געמינערט געוואָרען די שיין!
פֿערגעסען געוועזן איז דעם פֿייגאַלעס פּיין!
נור קוים האָט געקענט גאָט „ס׳איז גוט״ אַרויסזאָגען,
געבראַכט האָט אַ לייב זיין לאַם זיך צו טראָגען...

און געטראַכט האָט זיך גאָט:
אויף דער וועלט הערשען קראַלען!
שוואַכקייט פֿאַר קראַפֿט אויף קניען מוז פֿאַלען!
צו שוואַך איז דאָס מיטלייד אויף דר׳ערד דאָ צו וואַלטען!
פֿאַרן אָדלער מיין פֿייגאַלע מוז איך בעהאַלטען!

צו שווער וועט דאָס בייזע די ווערן מיר קרענקען,
ווערל איך שוין אַצינדער אין דעם נישט גערענקען,
פֿערטרענקען די וועלט ווערט אַ ים מיר פֿון טרעהרען
ווערל איך זיך נישט שיצען פֿאַרן לייבס בעגעהרען!

זאָל בליהען אויף אייביג ס׳געשאַפֿענע לעבען,
איך טאָר נישט אַ יעדען מיין אמת איבערגעבען!
נישט נעהרען זאָל שלעכטיגקייט מיט פֿרעמדער זיך פּײן
געפֿיהל און געדאַנק פֿערבאָרגען זאָל זיין!

כאָטש תמיד ווערט ברענען אין מענשען אַ בענקען,
אַנ׳אַנדערע זון מוז איך איהם פֿערשענקען,
וואָס ווייסט פֿון אַ אויפֿגעהן און אויך פֿון פֿערגעהן,
דאָס אייביגע ליכט — זאָל ער שאַפֿען אַליין!"

זייט דעמעלט פֿערבאָרגען — אַנ׳אוצר געהיימער —
איז ד׳ערשטע זון אין הערצער פֿון טריימער,
פֿאַר שפעטערער צייט אַ געטליכער זאַמען
פֿערטיילט זי דער וועלט די גייסטיגע פֿלאַמען. —

# דורך צוגעמאכטע אויגען

שוין ווידער הייבט אָן די ערד איהר קריאת־שמע צו זאָגען,
אַ ווינטעל פערפרומט זיך און דאַוועגט אין צווייגען
ווען שטיל קומט די נאַכט מיט חלומות צו פלאָגען
און לייגט אויף די ליפען איהר פינגער צום שווייגען. . . .

קולות פערמישטע קומען פון ווייטען. . . .
גרויליט דאָרט די שטאָד דער נאַטור, וואָס פערטראַכט
סטראָיעט זי פידלען און קלינגט אויף די זייטען,
ווען מיט פליגלען פון סאַמעט בעריהרט זי די נאַכט?

עס נעמט די לבנה איהר פלאַץ צווישען שטערען
פאַמעליך און טרויריג און מיד — —
עס באָדען זיך הונדערט לבנות אין טרעהרען,
וואָס ס׳האָט בין תשמשות די ראָסע פערשיט!

אַ יעדער געדאַנק דאַכט זיך ווי געוואויגען,
פון ד׳רערד ביז צום הימעל צוטערט ס׳געפיהל,
לייכט האָט די נאַכט פערמאַכט מיר די אויגען,
אַ ווינטעל מיר קושט זיי האַרצעדיג, קיהל. . . .

נור לייכט קען מיין גייסט מיטן נאַכטווינד, נישט פליהען,
צו שווער איז געווען דער נעכטיגער טאָג!
און גייסטער פערבלוטיגט פאַר ד׳אויגען מיר ציהען
און שלעפען מיט זיך נאָך פון לעבען די פלאָג!

פֿערשראָקען זיך אַלע אין ווינקאַליך דריקען
אַנטלויפֿען פֿאַר ווייסער לבנה־שײַן.
און מוראדיג וואַרפֿען זיי פֿינסטערע בליקען,
ווי נאָך זאָל זיי יאָגען די לאַנגסטיגע פּײַן!

איך זעה, אָט קומט אָן אַנ־אבי פֿון הימעל
און נעמט פֿון געשפּענסטער צו זיך אַ געשטאַלט
און קושט זי, און וועקט זי פֿון פֿיינליכען דרימעל
און בײדע צעוויינען זיך ערגעץ אין וואַלד.

ווי שוואַרצע חילות די חמאַרעס דאָ קלעטערן,
אָט באַלד איז דער לעצטער שטראַהל שוין פֿערשטעלט,
און עס הערט זיך אַ דונער — ווי לוחות צעשמעטערן
אין שטיקער צעפֿאַלען זיך איבער דער וועלט.

קומסט דו נאָך דאָ, ריינער, חלומען, קלערען,
די האַנד איבער ד׳אויגען, קוקסט אויף דער ערד,
און נאָך ווילסטו זוכען אויסגעחלומטע שטערען
און דאָך אַזוי טרויריג, זוי טרויריג דיר ווערט!

אָט קומט דײַן ברודער זיך שטילערהייט קלאָגען,
ער קען שוין נישט, קען שוין נישט טרייסטען זיך מעהר!
ער קוקט אויף קרבנות, וואָס בלוטיג זיך פּלאָגען
ס׳פֿאַלט איהם פֿון ד׳אויגען אַ טרעהר נאָך אַ טרעהר.

דאָך טרויריג ציהט איהר צוריק זיך — דעם לעצטען אויסוויכען —
עס פֿלאַמט אין דער האַנד איהם אַ ברענענדיג האַרץ...
עס גיסט די לבנה צו פֿוס איהם ווי טײַכען
פֿון זילבער — און ער קוקט אויף די גייסטער פֿול שמאַרץ!

פֿריש איהם פֿון וואונדען די בּלוּטטראָפּען טריפֿען,
די ליפּען איהם ציטערן, איהם טרייסעלט אַ פֿראָסט
און הייזעריג, שטיל זיך די ווערטער אָנריפֿען
גאָט, מיינער, גאָט, פֿאַר וואָס האָסט מיך פֿערלאָזט!

## פרינע און שולמית

פרינע:

„דיר האָט געלייגט פול פערטרויען אין ד׳אויגען
די טיפסטע חלומות אַ גליקליכע נאַכט! —
אַ גאָט האָט אַמאָל איבער דיר זיך געבויגען
די ליפען צו קושען! — זיין גלאַנץ אויף זיי לייכט! —

„פאַר דיר וואָלט די לירען אַפּאָלאָ גענומען
פול קראַפט אויסגעגאָסען זיין האַרציג געפיהל! —
צוריק פון די שלאַכטען וואָלט אַרעס געקומען,
אין דיין שעהנקייט פערטראַכט, צו חלומען שטיל!

אָך קום! פאַר די מענשען דאָס גליק צו פערטיילען,
פול פרייד לאָז זיי קניען אין שטראַהל פון דיין פראַכט!
נישט מעהר זאָל געבונדען די שענקייט זיך קווילען
אויף אייביג בעדעקט פון די קליידערס נאַכט!

זעה, ווי די שטערן צו זיך אַלע ווינקען,
פון פערלאַנגען אויסשטרעקען די ליכטיגע הענד!
פון גילדענעם בעכער נישט איינער זאָל טרינקען,
ווען טויזענדער הערצער אַ דאָרשט פערברענט!

פערטיילט דאָך די זון פאַר יעדען די שטראַהלען,
יעדען פאַלטער פערשענקען די בלומען זיי׳ר דופט!
די בלעטער אויף יעדען מיט גאָלד אָראָבפאַלען,
און יעדען זינגט ליבע די אָבענדיגע לופט!

אָ קום! פֿריי ווי די געטער אויף דר'ערד קום צו לעבען,
אין הערצער צו וועקען אַ פֿייריג געזאַנג. —
גליק זיך צו נעמען — און גליק אויך צו געבען,
נאָך פֿרייד און נאָך לעבען טהוט דיר נישט באַנג?"

שולמית:

„נישט יעדענס זינען בין איך צו דערקוויקען,
נישט יעדען דורשט, וואָס מיין טוי נאָר בעגעהרט.—
נישט פֿלעמליך צו צונדען אין הונגעריגע בליקען
איז דאָ אויף דער וועלט מיר בעשערט!

נישט וויל איך פֿערטיילען גליהענדיגע פֿונקען
אַ וועלט, וואָס פֿערגליווערט צו זינען זיך רייסט.—
זאָל נישט אויף נשמות זיי'ר אַש אַראָבזינקען
ס'געפֿיהל צו פֿערשלינגען, פֿערברענען דעם גייסט!

אין הימליכע טיעפֿען צעבלאָז איך מיין פֿייער,
וואו איצט נאָך פֿון לעבענס פֿערבאָרגענער קראַפֿט
— פֿאַר דורות אויף אייביג געהייליגט און טייער—
בעשטענדיג אונז גאָט נייע וועלטען בעשאַפֿט!

און זאָל אָהן אַ שורש דער בוים זיך בעדעקען
מיט בלעטער, וואָס וואַקסען און פֿאַלען געשווינד,
זאָל פֿאַר אַ ווייל ער אַ פֿרייד אויך דערוועקען,
זיין משפט וועט דאָך אַמאָל זאָגען דער ווינד!

טיעף, ווי די ערד וויל מיין קראַפּט איך בּעהאַלטען,
נישט בּערויבּט פון בּעגעהרענס בּרענענדיגען בּליק.—
געשיצט פאַרם הויך פון אַווינטער אַ קאַלטען
פאַר שפּעטערער צייט דער זאַמען פון גליק!

מיין ליבּסטען אַמאָל זאָל מיין פריהלינג פערציקען,
אין זיין האַנד וועל איך לייגען מיין אייביגע פלאַב,
פאַר טויזענדער דורות זאָל ער זי פערשיקען
קיין פינסטערע צייט זאָל אומוואָרפען מיין שטאַם!"

# נבו.

„נבו ! צייכען פֿון ערפֿילונג, פֿון גאָטס אָטעם געשאַפֿען,
טרוים, זייט יאָהרען געזעהן פֿון דער ווייטען,
איצט הייבּסט ווי גאָטס האַנד מיך, אַ וועגמידען, שלאַפֿען
פֿול שווינקייט פֿאַר ד׳אויגען מיין ציל צו פֿערשפּרייטען !

נבו ! פֿון דיין בּרודער געקושט פֿון דרומ׳ס ווינדען
פֿונם הר סיני בּרענג איך דעם הייליגען בּראַנד
פֿונם וואָרט, אויף דיין הייך אַ פֿייער צו צינדען,
אויף אייבּיג אַ ליכט אָנצוגרייטען דעם לאַנד !

דאָ פֿיהל איך דעם כח נייע ימים צו שפּאַלטען
נישט פֿערהאַלטען זאָל ווערען פֿון חילות דער שריט,
מיין רעכט דאָרט צו פֿלאַנצען, מיינע לוחות בּעהאַלטען,
נייע דורות צו שענקען מיין גייסט און מיין בּלוט.”

דאָך געציקט האָט בּאַלד סמאל זיין מערדעריש שווערד,
ווי דעם שונא׳ס פֿייל האָט דאָס וואָרט זיינס געטראָפֿען :
„נישט דו זאָלסט בּעטרעטען די הייליגע ערד,
נישט דו זאָלסט דערגרייכען דאָס לאַנד פֿון דיין האָפֿען !

נישט דיר — דיינע קינדער האָט גאָט צוגעשוואוירען
דאָס לאַנד זיי צו געבּען, וואָס דיר איז פֿערמאַכט,
פֿון דיין אייגען גן עדן — פֿערמאַכט אַלע טוירען
פֿון דאַנען ווייזט גאָט דיר זיין שיינקייט און פּראַכט !..

און עס וועט אויך דיין פאָלק פון דאָרטען פערטרייבען
ווי פערשראָקענע שאָף פול נקמה זיין שווערט,
נאָר אייביגע בענקשאַפט וועט אין האַרצען איהם בלייבען,
אַנ׳אייביגע וואונד וואָס מיט בלוטטראָפען טרעהרט!

ווי דעם סנה וועט אַ פייער איהם אייביג פערצעהרען
און געיאָגט וועט זיין לאַנד ער נישט קענען דערגרייכען
און ווען אייניציג דער טויט וועט זיין זיין בעגעהרען
וועט ברענען אין איהם אַ פערבאָרגענער צייכען,

אַ פערבאָרגען געפיהל פון אַמאָליגען לעבען!
און דור נאָך אַ דור וועט אין מדבריות שטאַרבען,
נישט קומען צום ציל דעם טויט זיין געגעבען
ווי צווישען מדבריות אַ צעבראָכענער שאַרבען!״

„נישט אמת! האָט גאָט פון די הימלען גערופען,
מיינע אייגענע פרות פון מיין בוים וועל איך רייסען,
ווען פערדאָרבען וועלן זיין זיי אין די האַרצענס טיפען
און וואַרפען אָהן רחמים אין פרעמדע זיי גאַסען!

צעפאַלן וועלן פעלקער אויף אייגענער ערד
אַז קוים וועט אַ זכר פון זיי נאָך פערבלייבען,
דאָך האָב איך אַנ׳אַנדערען גורל בעשערט
מיין פאָלק, זוי וועל איך פונם לאַנד עס פערטרייבען!

און איך וועל פאַר די אויגען פון פעלקער עס פייניגען!
דאָך נישט פערווישען וועל איך זיין געדענקען,
אין דער פלאָג פון אַ גלות וועל איך עס רייניגען
און צעבלאָזען דאָס פייער פון פערבאָרגענעם בענקען

ביז אַרום און אַרום וועט שטעהן עס אין פֿלאַמען,
ביז ציטערן וועלן נשמות ווי געריסענע האַרפֿען
און יונג וועלן ווערן זיין קראַפֿט און זיין זאַמען
כדי אויף מיין ערד זיי ווידער צו וואַרפֿען!

דאָך יעדען, וואָס איבער זיין פֿאָלק איז דערהויבען,
וואָס מיט אייגענע הענד פֿאַר טויזענדער שאַפֿט
וועל פֿאַר דער צייט איך דעם פֿאָלק מיינעם רויבען
עס זאָל נישט פֿערגעסען זיין אייגענע קראַפֿט".

פֿערשטאַנען האָט משה — צום טוים זיך געגרייט,
געגאַנגען אָבזוכען דעם באַרגס העכסטע שפּיצען,
דאָס לאַנד נאָך צו זעהן, אַרומנעמען עס ווייט,
זיין בילד אין זיך טיף דער נשמה איינקריצען.

פֿלוצלינג האָבען בערג זיך מיט טאָלען פֿערמישט
אין אַ חלום, וואָס ציהט און וואָס פּייניגט איהם שווער. —
פֿול ליבשאַפֿט האָט גאָט זיינע ליפּען געקושט,
זיין נשמה געטרונקען — און פֿון בענקשאַפֿט זיין טרעהר!

# די זינדיגע האנד.

און ווען דאָס גן־עדן האָט אַ מלאך פֿערשלאָסען
האָט אדם געזעצט זיך אונטער דער מויער
און איבער זיין אומגליק פֿיל טרעהרען פֿערגאָסען
געמישט האָט אַ צאָרן זיך טיף אין זיין טרויער.

די ליבשאַפֿט פֿערטרייבען זיך גאַנץ פֿונם לעבען,
די ליבשאַפֿט צו חוה׳ן, וואָס מיט זינדיגער האַנד
דעם מענשליכען דור האָט די זינד זי געגעבען,
געכאָוועט זיין טויט, געפּלאַנצט איהם זיין שאַנד!

דאָך וועקט איהם אויף פּליצלינג אַ מלאך צו קוקען
פֿון ענגען נור קרייז אין אונענדליכער ווייט
און שאַרפֿט איהם דעם גייסט, און שאַרפֿט איהם די בליקען
צו לעזען דעם סוד פֿון שפּעטערער צייט...

איך זעה — זאָגט איהם אדם — זיך מענשען פֿערמעהרען,
ווי שטערן דעם הימעל בעדעקען די ערד,
וואָס איינעם איז פֿרייד — איז דעם אַנדערן טרעהרען,
וואָס געבויט האָט איין דור, דאָס אַנדערע צעשטערט.

ווי אַ בלומענקראַנץ זעה איך די ליבשאַפֿט פֿערבינדען
איין מענש מיט דעם אַנדערן אין געטליך געפֿלעכט,
דאָך שנאה זעה איך מזבחות אָנצינדען,
דער האַס יעדע ליבשאַפֿט אין שאַרבען צעברעכט

איך זעה פֿאַלשע געטער פֿון דר׳ערד זיך אויפֿהייבען
און וואַרפֿען אויף דורות אַ פּלאָג און אַ שרעק,
עס נויטיגט אַ שיוערד אין זיי׳ר אמת צו גלייבען,
זיין לוין טראָגט דער תלין בשתיקה אַוועק!

אַ פֿינסטערניש האָט אויף דער ערד אָנגעהויבען,
דעם ברענענדיגען פֿינק אין מענשען זי זוכט,
איהם באַלד צו דערשטיקען אין אַש פֿון איהר גלויבען,
דעם גייסט אויסצובלאָזען, דאָס געטליכע ליכט!

אַ קללה פֿערשפּרייט פֿיל טויזענדער צונגען
און הונגריג, פֿול גיפֿט די ערד זי פֿערפֿלעכט
יעדע קראַפֿט צו צערייסען, דאָס לעבען פֿערשלינגען,
אין פֿלאַמען פֿערצעהרען אַ מענשליך געשלעכט.

טרויריג לאָזט אדם דעם קאָפּ אַראָבהענגען
ער הערט דאָס געשריי וואָס קומט איהם פֿון דאָרט:
„נישט נור דעם שווייס קומט דאָס לעבען אונז ברענגען,
נישט געהאַלטען האָט גאָט דאָס געגעבענע וואָרט!"

דאָך הייסט איהם דער מלאך איצט ווייטער נאָך קוקען,
ס׳פֿערשווינד איהם פֿאַר ד׳אויגען די פֿינסטערע צייט,
עס לייכט אין זיין פּנים אַ גליקליך פֿערציקען,
ס׳גן-עדן פֿערלוירען — ווינקט פֿון דער ווייט!

עס זאָגט איהם דער מלאך: „נישט אַ שטראָף איז געווען
דיך צו פֿערטרייבען פֿונם געטליכען הויז,
דאָס לעבען דערקענען, אין לעבען צו לעזען
מוזט געהן אויף דער וועלט פֿון גן-עדן אַרויס!

מוזט ד אָ ס איצט פֿערלאָזן יענץ צו דערלאַנגען,
פֿאָרויס מוזטו געהן, נישט טרײמען צוריק!
דער גאַנצער וועג וואָס וועסט האָבען געגאַנגען,
דאָס ג אַ נ צ ע דערקענען וועט ברענגען דיר גליק!

און פֿריי וועט דאָרט שטעהן דער בוים פֿונ'ם וויסען
ווייל בעדעקט האָט דער שווייס דיך, געליטען האָסט שווער,
פֿון ליבשאַפֿט די בלומען וועלן אומעטום גריסען,
אַוועקקושען פֿון ד'אויגען וועט גאָט דיר די טרעהר!"

דאָך שווערער האָט אדם'ן אַ טרויער גענומען,
און נייע איהם שרעקען און זאָרגען פֿערשאַפֿט,
איבער די ליידען אַהיים דאָרט צו קומען
האָט ער נישט דעם ווילן, האָט ער נישט די קראַפֿט!

געלייגט האָט דער אָבענד אויף דר'ערד זיינע פֿאַרבען
און צערטליך נאָך גריסט די שטאַרבענדיגע זון. —
חוה פֿערלאַנגט — אַ גליהענדיגען שאַרבען
און פֿ אָ ר וי ס געהט אדם איהר ווילן צו טהון! —

מעהר נישט געפֿרעגט האָט אדם פֿון וואַנען
וועט קומען די קראַפֿט! ווי אַ קינד נור פֿערמישט
האָט באַלד ער דעם שמייכעל פֿונם מלאך פֿערשטאַנען,
די זינדיגע האָנד האָט ער חוה'ן געקושט! —

## ביי בבלס וואסערן.

שווימען דאָ מיינע פֿערלאָזענע פֿליגעל?
בלוטיגט אויף ביימער מיין האַרץ? —
וואָס וויגט דאָ דער ווינד אויף וואַסערנס שפּיגעל,
איז עס מיין ליד, זוי אומעטיג, שוואַרץ?

האָט די ערד געזאַפּט מיינע טרעהרן.
און צופֿיעל געטרינקען זיך זאַט?
זייט דעמעלט געקריצט אויף מיין שטערן
טראָג איך דעם צייכען „נע־ונד"?

האָב דאָ איך געהאָנגען אויף ביימער
מיין האַרף אינם פֿערשאָלטענעם טאָג?
אַז אַ שטימער בין איך נור טריימער
אָהן אַ וואָרט פֿאַר מיין קלאָג? — —

(דער ווינד אין וואַסערן טינקט די ביימער,
ווען געקומען איז דער טריימער
און זינגט איהם, וואָס איז גאַנץ שוין מיד
אַ משונה טרויריג ליד.)

„פֿון האַרפֿען וויל ער איצט גאָר קלערן,
קיין האַרפֿענשפּיל — נישטאָ, נישטאָ,
קיין קלאַנג וועט ער שוין מעהר נישט הערן,
פֿערפֿאַלען זענען האַרפֿען דאָ!

זיי האָט געהייסען עמיץ הענגען
ווער ס'איז געווען — מיר ווייסען נישט,
די שטרומען אַנדער וואַסער ברענגען,
אַ־נ־אַנד'ער ווינד די האַרפען קושט!"

פטרינעס נייע וויל איך בינען,
צערטליך אַלטע זיי צוקניפען,
אַז ווי פערל זאָלן רינען
זיי פון אַלטינקע גאָר ליפען
מיין ערשטע פרייד — מיין ערשטע וועה:

מיט טרעהרן וויל איך זיי בעגיסען,
— נור גיבט די טרעהרן מיר צוריק! —
אין אייער האַרץ זיי דאָך נאָך פליסען,
זיי פערלאַנגט צוריק מיין בליק!

אין מיינע אויגען זיצט מיר פייער,
אין מיינע אויגען בראָט מיך, ברענט,
אַלטע טרעהרן! — אַך, ווי טייער!
אין מיינע אויגען בראָט מיך, ברענט!

און די וואַסערן כוואַליען, פליסען
מיט אַ נגון גאָר אַ זיסען,
ביי זיי ביימער טרויריג דימען
זיפצענדיג אין אויר איהם זשימען:

„די האַרפען?
האָסט געזאָלט זיי נישט פערגעסן,
ווער האַרפען הענגט און געהט אַוועק,

די סטרינעס איהם די פֿייגעל, פֿרעסן,
פֿון הארפֿענשפּיל — ס'אַ־נעק, ס'אַ־נ־עק !..

כוואַלט, זשימט ! איהר דאַרפֿט נישט הערן
דעם וואָס שטעהט ביי אַייך געביקט,
נישט זיינע קענען זיין די טרעהרן,
וואָס אין אונזער בוזעם ליגט

יענער האָט געדאַרפֿט קיין האַרפֿען
אויפֿצוועקען איהם דעם מוּט,
ווען שפּילן זיי שוין דאַרפֿען
אויפֿצולעבען איהם דאָס בלוּט ! —

עס האָבען אויך זיי יעדע נאַכט
שדים פֿרום זיך צוגעשפּילט,
נור דער ווינד האָט דאָ געוואַכט
און מיט ליפּען זיי געקיהלט. —

און פּאַמעליך זיי געריסען...
פֿעדעם זענען נאָר געבליבען !
די זון האָט זיי מיט ציין געביסען,
פֿעדעם זיך אין פּאָרך צעריבען...”

*

אַ בעטלער בין איך נישט געקומען,
מיך רופֿט אַהער אַ גרויסע טאַט !
הערט, עס שפּראָצען שוין מיר בלומען,
אַ נייע וועלט מיך רופֿט פֿון ווייט !

פון אַש הייסט עמיך זיך אויפהייבען,
פון האָפען רוישט אַ נייער קוואַל,
און דאָך — מוז איך חלשות בלייבען
ביי זונענאויפגאַנגס פרישען שטראַהל!

ווייל איך בין מיד
כאָטש דאָס בלוט אין אָדערן זיד
און שטאַרקען מיך נור דאַרפען
מיינע שטילע, זיסע האַרפען!...

„זשים, זשים,
יונגערמאַן, דאָ קום!

מיר וועלן דיר אַ שאָטן לייען,
אַרומצובלאָנדזען — וואָס דיר טויג,
וואָס דיר זוכען, וואָס דיר דרייען
דער שלאָף קלעבט דיר שוין צו דאָס אויג! — —

זשים, זשים,
יונגערמאַן, דאָ קום!

ביי אונזער פוס דיך לייג אַנידער,
— ביי אונז וועסט האָבן תמיד רוה —
מיר וועלן זינגען אַלטע ליעדער,
נור ליג דיר שטיל און הער דיך צו...

נאָר ד ײ נ ע לידער מוזט פֿערגעסן!
— ווער האַרפֿן הענגט און געהט אַוועק,
די סטרונעס איהם די פֿיגעל פֿרעסן,
פֿון האַרפֿענשפּיעל — ס'אי־נ־עק, ס'אי־נ־עק!" —

*

ס'שטעהט אַהאַסוועיר איינגעשלאָפֿן,
ווי פֿערגליווערט, ווי אָהן בלוט,
ס'טראָגט אַ זיפֿץ אַ מאָל אַ ווינטעל,
אַ מאָל דער זאַמד אַ טרעהר פֿערשיט...

ס'רוישען בלעטער, בלעטער פֿאַלן,
די צייט פֿעריאָגט זיך, יאָהרן געהן
און עס מורמלען אַלץ די כוואַליעס
אַלטע שבועות, אַלטע געוויין.

ווי אַ חלום פֿון די וואַסערן
קומט אַלץ פֿרישער, ווייסער שוים,
ווערט אַלץ ווידער דאָך צערינען,
ווי אַהאַסוועירס שטילער טרוים...

# דער ירדן.

קומט לבנונס שלאַנקע טעכטער,
נעמט איך אַלע אָן ביי הענד,
אַ פּאַסטוך איז פון בערג געקומען,
ס'איז דער שענסטער וואָס איהר קענט!

זיינע גלידער — אַלאַבאַסטער,
אין דער לבנה ס'אויג פערטראַכט,
זיינע ליפּען האָניג זיסע,
פול מיט סודות פון דער נאַכט!

קומט לבנונס גרינע צעדער,
רינגעלט איהם אַרום, אַרום,
דער שענסטער פּאַסטוך איז געקומען,
וואָס האָט געוויגט דער אלהים!

פון בערג דער ירדן אויסגעריסן
רייסט זיך אויס פון צעדערס הענד
ווי אַ יונגעל מיט געפילדער,
אַ פייער איהם אין האַרצען ברענט.

עס טרוימט זיך איהם אַ וואונדער-חלום,
ער זעהט אַ לאַנד — אַ וואונדער-מויד,
ער פליהט אין אָרם זי איינדריקען
און שווערט שוין ליעבע ביז צום טויט!

דער ירדן צירט מיט שענסטע בלומען
זיין כלה ליעב זיך אויס גאָר פיין,
ער קושט די פיס איהר, קושט די ליפען
און הילט דאַביי אין טרוים זיך איין.

ער דריקט צו זיך זי בעסער, בעסער,
צווייטמאָל נעמט ער זי אין אָרם,
נור זי רייסט זיך פון זיין אימפעט
פון פערליבטען יונגען שטורם.

ווייל זי האָט אַנ׳אַנדערן חתן,
אַ בן־מלך, וואוינט אויף בערג,
ראַכט זי פון דעם ווילדען פאַסטוך
פון זיין טרוים און פון זיין ווערק!

און שמייכעלדיג וואַרפט זי אַלץ אונטער
און בעט אַ שטיין איהם נאָך אַ שטיין,
דער ירדן לויפט פאַר שמערץ זיך וואַרפען
אין ים־המלח׳ס תהום אַריין!...

* * *

דאָרט ווייט, ווייט
צווישען מיינע ברידער, מיינע לייט
זעה איך אַ הייזעל אַ קליינס,
עס איז מיינס!

עס היט אַ בעבויט שטיקעל פעלד. —
ארום ביידע זיך האָבען געשטעלט
און פערברייטען די צווייגען די ביימער
ווי אויסגעחלומטע, ווייבערישע הענד
איבער דעם קאָפּ פון אַ טריימער,
ווען די אייגענע זון איהם פערברענט!

דאָרט ווייט, ווייט,
דאָרט איז מיין בענקען, מיין הייליגקייט
און דאָרט אָהן אַ האָפנונג, ווי אַ שאָטען נאָך קוים
וואַנדעלט מיין שטילער, האַרציגסטער טרוים.

## בלומען.

האָסט דאָך, אַזוי, מיין קינד, ליב בלומען,
איך וועל דיר שענקען, כ׳ברענג זיי דיר
אַ יעדען מין קענסט דאָ געפונען,
יעדען אָבגלאַנץ און קאָליר!

כ׳האָב זיי געריסען אין מיין גאָרטען,
וואָס כ׳האָב מיט בלוט אַמאָל געפלאַנצט,
אַ יעדער רוהר פון מיין נשמה
ווי אַ ליכטעל אויף זיי טאַנצט!

עס בינען זיי איין ווייסע פעדעם,
וואָס פלאָנטען לאַנג זיך אויף מיין וועג
דער בעסטער סימן פון אַ בענקשאַפט
נאָך די הייסע זומערטעג!

כ׳האָב אויך געגעבען פאַפּראָצבלעטער,
וואָס פאַר פרייד — וואָלסט זיי געקושט,
אַ סימן גליק — וואָס קען מאָל בליהן,
נור, אַך, לעת־עתה בליהט עס נישט!

# טרוימען.

צווישען פֿעלדער געהן מיר טריימער...
אַ בלעטעל רוישט, אַ צוויגעל זשומט
אונזער חלום. — צווישען שוואַרצע ביימער
אַ בלאַסער שטראַהל פֿון טורמעס קומט.

און ער ברענגט פֿון ווייטען טענער,
וואָס לאַנג געדאַכט זיך האָבען טויט,
טויזענד סטרינעס! טויזענד פלענער!
— נור „פֿערשטומט" זאָגט זיי די נויט!

קום, איך וויל דיין שיינקייט ריהמען!
פֿערציילען, ווי אין האַרץ מיר טאָגט...
— נור פֿערציהט זיך מיר דער גימען,
קיין ליבעסוואָרט דער שמערץ פֿערטראָגט! —

און שוואַרץ אונז ווערט — ווי אָט די ביימער,
פֿערפֿאַלען אונזער האַרצענס נס!
עס געהען נור צוויי שטילע טריימער,
דער טרויער זאָגט „פֿערגעס!"

## זכרונות.

זיי נישט ברוגז
וואָס אין טויזענדער געשטאַלטען
וויקעלט זיך איצט מיין געפיהל!
כ׳האָב מיין צינדשטאָף דאָך בעהאַלטען
פאַר דיין פלאַם — אין מיר זוי שטיל!...

מיר זענען דאָך געגאַנגען קלערן
אין טונקעל־בלאָער זומערנאַכט,
אין וואַסערס טיף געציילט די שטערן,
נאָר קיינמאָל נישט אין זיך פערטראַכט!

און דאָך איז עמעץ נאָכגעגאַנגען
איך וואָלט געשוואוירען — אונטער מיר,
געשפילט!... געוועקט אין מיר אויף קלאַנגען,
מיין געפיהל, גאָר אָהן אַ שיער!

כ׳האָב נישט איינמאָל מיך פערשראָקען
אַרומגעקוקט נאָך אָט זיין גאַנג,
נאָר האָט זיך מיר ווי טויזענד גלאָקען
דאָס האַרץ געוואָרפען אַזוי באַנג!

און ווען איך האָב ביי איהם גענומען
זיין האַרף צו זינגען ביי איהר שטיל,
האָסט נישט פערשטאַנען מיינע גלימען
ס׳איז פרעמד געווען דיר מיין געפיהל!

און ווען אַמאָל דאָך אָנגעבויגען
האָב איך געזוכט נאָך דיינע הענד
געטראָפען האָבען זיך די אויגען
און האָבען דאָך זיך נישט דערקענט!

---

נאָר איצט בין איך די האַרפע ווידער
— סטרונעס דער בעגלייטער שפאַנט —
און דו שפילסט די שענסטע לידער
און אַלץ שטאַרקער ווערט דיין האַנד!

זענען מיר דער ערדס דאָך קינדער,
וואָס האָט אין הימעל זיך פערליבט,
פון בלאָע אויגען שיקט איהם וואונדער
מיט איהם זיך קומערט און זיך טריבט!

אַמאָל פון בערג שיקט זי אַ פלאַם
— די ליבע מוז אויך זי פערצעהרן! —
זי וואַרפט גאַנץ הויך דעם פייערשטאַם
אין צווייגען וויקעלט זיינע שטערן!...



װעה, אין װאַסער פֿאַרבענרייך
טונקען בײמער זיך שטום,
צװישען שטערען – טרוימען גלײך: – –
אַך, די נעמסט מיך איצט אַרום!

– ס'קומען טענער צו־נ־אונז שטיל
פֿון אַבענדגעטערס פֿלײטען,
ערגעץ ציטערט אַ געפֿיהל,
ליעבעסדורשטען זיך פֿערשפּרייטען! –

שפּיעל אין װאַסער, קלױב די שטערן,
זעהסט – זײ ריין װי ליכטער די
אין אויך ריין מיין האַרצבעגעהרן, –
אַך, דו דריקסט די ליפּען צו!

– אַזױ הײבט זיך אָן דאָס שפּיעל!
די נאַכט דערװעקט איהר װענגערקראַפט,
זיצט אויף דער געדאַנקענשטוהל,
שפּאַנט די סטרונעס – גײסטערהאַפט! –

הער, עס רױשען איהרע לירן!
דאָס בלוט מיר זיד, עס קומט אַ שטורם
ס'װילן חושים זיך פֿערליערען
אין דײנע שטילע, װײכע אָרם!

— קומט אַ דונער און פֿערגאַפֿט
זעה פֿון הימעל איך, פֿול שטערן
רייסען זיך אַראָב די קראַפֿט
צו לויפֿען פֿריי נאָך איהר בעגעהרן ! —

איצט וועסט זי מעהר שוין נישט פֿערהאַלטען !
ס׳פֿערבאָרג׳נע ליעד, די שטילע נאַכט,
דער בעגעהר צו שלעכט בעהאַלטען
האָבען זי אַהער געבראַכט !

— — — — — — — — — — — — — —

זעה, אין וואַסער פֿאַרבענרייך
טונקען פנימער זיך שטום
צווישען שטערן טרוימען גלייך. — —
אַזוי, זוי נעם מיך נעם אַרום !...

* * *

ווי אונזערע פֿעלדער די שטראַהלען פֿערשפּינען!
זעהסט אונטער ביימער דאָס גליק צו־נ־אונז ווינקען?
קום! מיר וועלן זיך איינס אינם אַנדערן געפֿונען
טיף און גאַנץ דאָס גליק אויסצוטרינקען!

שרעק דיך נישט. קינד, פֿאַר אַ צייט אַ־נ־אַנדערער,
ווען שטילע נאַכט קומט און עס פֿאַלן די שטערן!
מיר זעהען דאָרט צו, ווי עס געהען צוויי וואַנדערער
— אונזערע נשמות — זיך קושען אין ספֿערען.

וואָס קען אונז דען טהון אַ שטורם אַ בייזער?
אויס אונזערער זאַט ווערט אַ תּל ער נישט מאַכען!
מיר נעמען אַרום זיך נאָך ליבליכער, הייסער
און צו זיין פּייפּען מיר האַרצעדיג לאַכען!

# אומעט

ווי פֿערחלומט שטום און שטיל,
ווי אָהן כחות מיד און מאַט
ציטערט ערגעץ מיין געפֿיהל,
כ׳בין פֿון דיר איצט אַזוי ווייט! — —

אַ חלום מיך אין קייטען בינט,
אַ ווייטער שמערץ דאָס וואָרט מיך קלעמט,
איך בייג מיך אָן צו דיר מיין קינד
אַזוי נאָהנט — און אַזוי פֿרעמד!

דאָך וויל איך דיר פֿון עפּיס זינגען,
עס זאָל נישט זיין דיר אַזוי באַנג,
קוק נישט קינד, וואָס סטרונעס שפּרינגען,
וואָס עס ציטערט מיין געזאַנג!

נור שפּרייט איך אויס דיר אָנגעבויגען
מיינע ליעדערס פֿאַרבענפּראַכט.
שליעסען זיך מיר שטיל די אויגען
און שוואַרץ מיר ווערט — ווי גלות נאַכט!

ווייל ווייסט, מיין קינד, אַז גלות נאַכט
אַ יעדע פֿרייד נאָר טרויריג מאַכט?
און ווייסט, ווי יעדען גייסט עס בינט
דאָס בלוט, וואָס אייביג רינט און רינט?!

# אויף דער וועלט אליין

דעם וואַלד האָט פֿערשלאָסען דאָס הימעל געצעלט,
אַליין זענען, מיר נאָר דאָ אויף דער וועלט !
— עס פֿילט אָן דעם כוס אונז די איינזאַמקייט. —
אַ האַנד אין אַ האַנד, אַ בליק אין אַ בליק
ציטערן שטום ווי ליעדער פֿון גליק !
— און ווייט זיך דער מעך אונטער ביימער פֿערשפּרייט. —

עס פֿלעכט זיך איין גוף אַרום אַנדערן ווייך
אָ ליעבט אייך נאָך מעהר !" מערמעלט דער טייך.
— עס פּיעסטעט דער ווינד, וואָס איבער צווייגען געהט. —
עס ברענט און עס טרייבט אונז מיט שטראַהלען די זון,
עס שפּרינגען די קנאָספּען און ווילד זיך צעבליהן
— אַ הויך ליגט אין לופֿטען פֿון פֿרוכטבאַרקייט. —

ווי צייטיגע פּרות שטעהן אָפֿען פֿול גלאַנץ
דיינע ליפּען ! — לאָז מיך געניסען זיי גאַנץ !
— ס׳הערט זיך פֿון ד׳רערד פֿול זוסקייט אַ קלאַנג —
עס גלוהט דיר פֿון ד׳אויגען אונענדליכע פֿרייד,
אַח, אַ מינוט איז די אייביגקייט !
— איך פֿיהל פֿון מיין האַרץ ווי פֿון שטורם דעם גאַנג. —

# די אייביגע ירושה

עס קומען די דורות, קומען און פֿאַלען
ווי גאַנץ אָהן אנ־אָנהויב, ווי גאַנץ אָהן אַ ציעל!
ס'פֿערבלייבען נאָך זיי דאָך ווי בליציגע שטראַהלען
פֿון דורות די פּערל,—פֿון זיי דאָס געפֿיהל!

אַ מלאָך זיי בינד אין ליכטיגען קראַנץ
פֿון מענשליכען גליק און מענשליכען ליידען,
פֿון אייביגער טרויער און אייבעגען גלאַנץ,
פֿון דערנער און בלומען, פֿון שמערצען און פֿריידען!

ער לייגט איהם אַ מאָל אַ מענש אויפֿ'ם קאָפּ
און הייסט דורכ'ן לעבען איהם טראָגען,
די דערנער זיך וואַקסען צום האַרצען אַראָב
און שמערצען גאָר בלוטיג איהם פּלאָגען!

די רויזען דאָך וואַקסען אַזוי הויך אַרויף,
אַז דער חלום קען קוים זיי דערגרייכען!
זיי'ר ריח אַ ווינטעל מאָל ברענגט אין זיין לויף.
זיי'ר אָבגלאַנץ מאָל ליגט אין די טייכען...

ס'בענעצען די דערנער זיך אויך מיט מיין בלוט,
איבער מיר טיעף האָט דער שמערץ זיך געבויגען!
דאָך וויל איך מאָל זעהן פֿונם קראַנץ אויך דעם צוויט
מיין ליבסטע, איך קוק דיר אין ד'אויגען!

* * *

און רייסען צו דיר זיך די בליקען,
פערמאַך איך די אויגען, איך וואַג נישט צו קיקען
פון דאַנען דער איינזאַמער ווייט
צו דיר מיט אַ האָפנונג אויף פרייד!

ווי גאָר אין אַ־נ־אַנדערער וועלט
פון שאָטענס ביסטו מיר פערשטעלט!
צווישען אונז טיעף זיך פערשפרייט
אַ ים פון טרויריגקייט.

עפיס אין זונען געבוירען
אין טונק׳לען ים איז פערלוירען!
נאָר טייל מאָל פון טיעפען עס שרייט
— דורך אַ ים פון טרויריגקייט! — —

## פערלאזט

אומזיסט מיין מויל אויף אַלע בלומען
פֿון דורשט געקוויילט, זיך הענגט!
עס וועט קיין מאָל זיך נישט אָנזעטען,
נאָך דיר, מיין קינד, פֿערבענקט!

וואָס איז די ווינטליכס צערטליך פיעסטען,
די שאָטענס מילדע קיהל?
מוז אויף יעדען אָרט איך בענקען
נאָך דיר, געליבטע, שטיל!

דורך בלאָהער נאַכט מיר ווינקען שטערן
פֿון הימעל אָהן אַ שיער!
זענען עס נישט דיינע אויגען
קינד, איך בענק נאָך דיר!

דורך טרוימען בלייך מיין גייסט איצט וואַנדערט
און זוכט דיך, קינד מיינס, זוכט,
און טרויער פֿערהילט איז מיין נשמה
און וואַרט אויף דיר, מיין ליכט!

## ווען דו ביסט נישטא

ווען דו ביסט נישטאָ פֿערפֿאַל איך אין טרוים !
אַלצדינג איז מיר דעמאָלט ווי הימלען גאָר ווייט,
אַלצדינג פֿערשווינד אין אונענדליכען תהום
נישטאָ מעהר קיין לעבען, קיין ווירקליכקייט !

אויך דו ווערסט אַליין אַ רוחניות גאָר,
וואָס פֿערבלאָנדזעט האָט ערגעץ זיך ווייט
און קומט מיר אַלץ נעהנטער מיט צעלאָזענע האָר,
ערגעץ פֿון וועלטען, פֿון דער אייביגקייט !

איך וואַרף בגנבה אַ פֿערחלומטען בליק,
איך ליב שוין נישט מעהר – איך גלייב !
איך בין האַלב פֿערוואונדערט, האַלב טרויעריג,
איך ריק מיך צו נעהנטער – איך שרייב. – –

און שרייב איך ,זוי הער איך ווי ערגעץ גאָר ווייט
פּיעסטען ווי פֿיעדלען אַ צערטליך געפֿיהל
פֿערשלייערטע טענער פֿון דער אייביגקייט
ענטפּלעקען זייער פּנים, איבערגעבען זיך שטיל !

פֿון יעטוועדער צייל אַ טויב ווערט גאָר ווייס,
וואָס פֿליעהט זיך דיר לייגען צו פֿוסען,
פֿלאַטערט אַרום דיר אין זילבערנעם קרייס
דיך ווייט דאָרט פֿון מיר צו בעגריסען !

נור דו מאַכסט די טהיר אויף פּאַמעליך און שמאָל,
וואָס כ׳טהו איצט ווילסט שטילערהייט זעהן,
איך כאַפּ מיך פֿון חלום אויף מיט אַ מאָל
און בלייב זוי פֿערשעמט פֿאַר דיר שטעהן !...

* * *

ווייסט, אַז עס בינד אין איין גילדענער קייט
די טיפֿען פֿון ימים, פֿון כוואַליעס דאָס שפּיל
מיט גאָלדענע שטערענס פֿערלוירענער ווייט
אין איין פּראַכט נור דאָס מענשליך געפֿיהל?!

און ווייסט, מיין נשמה איז אַ ברויזענדיג מער
און דו ביסט דאָך שענער ווי שטערען,
ביידע פֿערבינד אַזוי זעהר, אַזוי זעהר
די מאַכט פֿון געפֿיהל, דער כח פֿון טרעהרען!

*　　*　　*

ציטער נישט ליבסטע ! ווי פערשראקען א קינד
צו מיר קום, צום הארץ זיך צו לייגען !
עס בלאזט אין מיין לעמפעל דורך פענסטער דער ווינד,
די ביימער פול פחד זיך נייגען. —

ווי שטערען געדאנקען אין טרויער פערגעהן
און שאטען ווי שפינען מיט זיך זיי פערוועבען !
קום דאך געליבטע — מיר זענען אליין
און זאל אויך אין שטורם דארט לאכען דאס לעבען !

איך ווייס, אלע זונען פערשווינדען געשווינד,
יעדע שיין איז אין פינסטערניש פערלוירען !
דאך לייכט נאך מיין לעמפעל אין מיטען דעם ווינד
און שעפטשעט די שטילקייט אונז מעשיות אין ד'אוירען !

עס פילדערט אין דרויסען א שטורעמדיג מער !
דאך שטיל וויל איך לידער דיר זינגען,
ביז אונזער שטיבעל, די איינזאמע טרעהר
פון שטורם די כוואליעס פערשלינגען !

* * *

דו פרעגסט מיך׳ נשמה׳ ווי קען מען זוי ליבען׳
דאס איז דאך פון מענשליכען דרך זוי וויט?
איז מיר דאך פון אלעם א חלום געבליבען׳
דו איינע׳ געליבטע — ביסט ווירקליכקייט!

* * *

אין א גוטער שעה האט גאט אויף דער וועלט דיך געשיקט,
די שענסטע נשמה אויפן וועג דיר געגעבען,
מיט דיר, דיין נשמה, האט ער מיך בעגליקט,
געשענקט מיר דיין ליכט אין מיין פינסטערען לעבען!

געשענקט מיר אנ׳אוצר, וואס מאכט מיך אלץ רייך
און דאך מוז אליין ער זיך אייביג פערמעהרען,
געשענקט מיר א קראפט, וואס טרייבט אין דער הייך
און גיט מיר די פליגעל אינם חלום פון שטערען!

אין דיר, מיין געליעבטע, איז מיין אייביגע פרייד,
מעג שטורם און פיין מיר דאס לעבען בעשערען,
קען שמייכלען איך רוהיג צו דער אייביגקייט
ווען דורך דיר און אין דיר קען מיין גאט איך פערעהרען!

* * *

געהאט א חתן האט זי שיין
און געהאט איהם זעלטען ליב׳
נור איז געבליבען איהר געוויין׳
צוגעדעקט האט איהם דער גרוב.

לייגט זי בלומען אויף זיין קבר׳
זיצט דארט אב די גאנצע טעג׳
אין געדאנקען יעדעס אבר
קושט זי איהם און געהט איהר וועג.

איצט איז זי אהין געגאנגען
מיט א קראנק־פערליבטען בליק׳
ווידער בלומען איהם דערלאנגען
און מעהר קומט זי נישט צוריק.

# דאס הסידישע מיידעל

עס נייגט זיך שלעפריג שוין די זון
– ס'זאָגען עס אויף װענד די שאָטען –
עס רופט זיך אָן אַ מאַנדאָלין,
– זאָל זי מיך נאָר נישט פאַראָטען! –

נישט זאָגען אויס מיין טאַטע נאָר,
אַז שאָטען הולען איין מיין בעסטען,
אַז יעדער טאָן האָט ליפּען גאָר
אַז יעדער טאָן קען צערטליך פיעסטען!

אַ יעדע נאַכט צי מנחה־צייט,
שיק מיר טענער ליעבע, װייטע!
נאָר שטעהן מוזטו פון מיר גאָר װייט,
װייל נעהנטער—פּאַסט נישט פאַר מיין טאַטע!

און װען די זון װעט אונטערגעהן,
אויף הימלען גיעסען א'הרט פאַרבען,
איך װעל פאַר בענקשאַפט מאָל אויסגעהן,
איך װעל אַ מאָל פאַר בענקשאַפט שטאַרבען...

און דעמאָלט קום צו מיר, מיין קרוין,
און קוש מיך אויף מיין בלייכען שטערן,
פאַר מיר פּאַסט עס דעמאָלט שוין,
נור שטיל, נור שטיל, מיין טאַטע זאָל נישט הערן!

## שטילע קלאַנגען

שטילע, ווייטע בלאָנדזען אַרום קלאַנגען,
ווי די שטראַהלען איבער לאַנד און פעלד,
ווי פערבענקטע, טרויריגע געזאַנגען
פון אַ ווייטער, נישטגעקענטער וועלט.

ווען אויף דעם האַרץ זיי פאַלען,
דעם אַ בענקשאַפט זיך פערשפרייט,
ער מוז אַ ווייל אין טרוים פערפאַלען,
ער פיהלט אין זיך די אייביקייט.

ווען תמיד זיי דערלאַנגען,
צו זיין אונשטערבליך מאָל געראָט,
אַ־נ־אינסטרומענט פון אָט די קלאַנגען,
אַ פאָעט פון גאָטס גענאָד.

# בעריאזקעס

שטיל האָט די נאַכט איבערם וואַלד זיך געבויגען,
צווישען די צווייגען פערפלאָכטען איהר רוה. . .
טרויריג פון הימעל איהר לייכטען די אויגען,
זי דריקט אַזוי צערטליך דעם וואַלד צו זיך צו!

און כאָטש אַזוי טוליעט די ליבליכע מוטער,
די ביימער מיט איהרע פליגעל בעדעקט,
טהוט דאָך אַ צווייגעל אַ ריהר זיך, אַ ציטער, —
פונם שלאָף נאָך אומרוהיג אַ בלעטעל זיך וועקט

עס קומט פון דער ווייטען אַ וואַסערל געשפרינגען,
שלעפריג פון איין שטיין אויפם אַנדערן פאַלט,
וואַקלענדיג וויל עס אַ וויעגעליעד זינגען
די מיידליך וואָס שלאָפען פון לאַנג שוין אין וואַלד..

פערליבט געהן שאָטען אַרויף מיט דער סטעטשקע.
בעוואונדערן שטיל די מיידלישע פראַכט. —
ס'פערפלעכט יעדען שטערן ווי אַ האָלאָוועטשקע
אין בעריאָזקעס לאָקען די נאַכט!

ווען נאָר אָנגעקומען איז דאָ אויפם הימעל
שטיל די לבנה זיי זוכען אין וואַלד,
האָט אויף דעם בערגעל געבינדען אַ דרימעל
די מיידליכס ווייסע זילבערגעשטאַלט.

און מיד געה׳ן גייסטער אין שאָטען צו קלערן
ביי בעריאָזקעס פּוס אין דער קיהל,
צו ציילען אין לאָקען די גילדענע שטערען
און חלומען, חלומען שטיל...

## זונאונטערגאנג

אויך דו בייגסט דיך זון, אַלץ טיפער און טיפער?
וויל דיך אויך דער אָבגרונד אין פלאַמען פערצעהרען?
די שטראַהלען שוין פאַלען אַלץ שיפער און שיפער.
די ערד ווערד אַלץ קיהלער... די שאָטענס זיך מעהרען.

דיין לעצטער הויך פערשפריצט זיך אין פונקען,
וואָס קוים האָסט געקענט דער ערד נאָך צושיקען
איך זעה, ווי די שאָטענס פון נאַכט צו זיך ווינקען,
פערשפרייטען זיך ברייט — יעדען פונק צו דערשטיקען!

גאָר נישט מעהר קען שוין דיין פייער בעלעבען!
און שלאַף זיך די שטראַהלען אויף פעלדער צעגיסען,
בלוטאָנגעטרינקענע וואָלקען זיך שוועבען
אין ימים פון בלוט — און אין בלוט זיך צעפליסען.

ווי שעהן איז די נאַכט! און האַרצעדיג ליב
זי שלייער גאָר שוואַרצע און לאַנגע פערשפרייט
צום צייכען פון טרויער איבערם זוניגען גרוב...
און פוצט אויס די ערד—אין איהר טרויערקלייד!

אויף שפיצען פון ביימער בלעטליך זיך הויבען
און שיקען פערליבט גאָר צערטליכע בליקען. —
צו קלערן זיי פערל ביי דער זון נאָך צו רויבען,
מיט רויטע בלוטטראָפען פון איהר זיך צו קוויקען?

בּרענט איהר דאָרט, בּערג, וואָס האָט אַייך געשטעלט
די זון מיט איהר ליכט צו בּעגראָבּען ?
אַ פּנים אַז איצט שוין אייך בּעסער געפֿעלט
פֿאַר אַ כּלה די נאַכט דאָ צו האָבּען !

און דאָך עפּיס קלאָגט זיך, דאָך עפּיס טרעהרט !
האַרץ מיינס, וואָס בּיסט מיר פֿאַר וועהטאָג פֿערשטיינט !
צו איז עס די ראָסע, וואָס פֿייכט מאַכט די ערד,
צו זענען עס טרעהרען, וואָס איך האָבּ געוויינט ?

איך ווייס נישט, וואָס האָט מיך פֿערבּיטערט פֿערשטערט,
נאָר האָט דער פֿערפֿאַל אַזוי וועה מיר געטון !
נשמה, דו פֿיהלסט, אַז נאַכט שוין בּאַלד ווערד ?
מיר דאַכט זיך, אַז היינט—בּין איך גאָר די זון !

## דורנשטיין.

א מאכט זיצט געבראכען אויף פעלזיגע שפיצען,
אויף אקסלען געדריקט האט די צייט זי צו שטארק!
און דאך שיקט זי מויערן, ווי הענד צו בעשיצען
איהר ליבלינג, דאס שטעטעל פון אונטער דעם בארג.—

עס איז דער נאטורס דאך געבליבען נחמה
אין שטיקער צו ווארפען, וואס ארויף האט געשטרעבט!
צעריסען האט זיך דא א ריזעננשמה,
אין וואנד אבגעריסענע זי טרוימען נאך וועבט.

געדאנקען דא זענען צו פעלזען געווארן,
— צעווארפען זיי שטעהן, פערגליווערט און שווארץ. —
ארום זיי גאר לוסטיג זיך וויקעלט דער דארן,
ווי לאנגסטיגער שמערץ פון פערשטארבענעם הארץ.

א בלומענפאלק וואקסט נאך אין שאטען פון מוירען,
פערברייטען זייער ריח אין איינזאמער שטיל, —
אין צעבראכענע חרבות איז דאך נישט פערלוירען
פון לאנגסטיגע צייטען דאס צארטע געפיהל.

פרעהליך ארומשפרינגען דעם וואלדס גרינע קינדער
און וואנדערן אלץ העכער ארויף און ארויף.
קיין שטיין קען זיך וועהרען פאר די לוסטיגע וואונדער
קיין מויער קען פערהאלטען פון יוגענד זייער לויף!

און אויבען ווי זילבערנע פליגעל פערשפרייטען
וואלקען ווי טויבען און קוקען זיך צו,
צי קענען, געקומען פון פערפאלענע ווייטען,
נישט געפונען אויף פעלזען זיי רוה.

שפילענדיג וויקלען זיך וואסער־תהומות
׳רום שטעטעל און בערג זייט אייביגער צייט
און פיעסטען די ברעגעס און שעפטשען חלומות
און ווארפען א שמייכעל, אנטלויפען גאנץ ווייט.

דאך קוים נאר די וואלקען מיט גאלד זיך בעזוימען
און טונקעל עס ווערט, שוין זעה איך פערציקט
אנ׳אלטע געליבטע, וואס קומט אהער טרוימען
און וואנדעלט אויף טרעפען, — דורך פענסטער זי קוקט...

דער בלאסער לבנה איז די חרבה זוי טייער!
זי חלומט נאך היינט פון אמאליגען גליק.
ווארפט אין די וואסערן איהר זילבערנעם שלייער
און קומט אהער זעהן — זענען צייטען צוריק?

שטיל זיך פערגעסענע קולות אנרופען,
פון אונטער די מויערן זיפצט עס זוי שווער! —
פון געשטערנטען הימעל אויף חרבות לאזט טריפען
פול מיטלייד די ראסע א טרעהר נאך א טרעהר...

## שטילע נעכט.

פאמעליך וועקט אויף זיך די נאכט פון א דרימעל
נאך אזא זיסען און גליקליכען טרוים,
שטרעקט אויס די נאקעטע ארם צום הימעל
און לעשט אויס די וואלקענס גילדענעם זוים.

זי לייגט זיך אויף גרעזער, אויף א שטיין א הארטען
און לאזט די מחשבות מיטן ווינד פאר זיך געהן. —
עס ציטערט אין לופטען ווי עפיס א ווארטען
ווי עפיס א פיהלען, אנ׳אייביג פערשטעהן!

פון אלטע זכרונות און צייטען פערלוירן
וועבט זיך איהר שלייער די בלאהליכע נאכט
און איבער געדאנקען, וואס נאך נישט געבוירן
פון טויזענדער אויגען זי מוטערליך וואכט.

שטיל! הערסט נישט דעם שריט פון א הארצעדיג בענקען,
הערסט פון נאטור דעם פערהאלטענעם רוף?
אנ׳אייביג פערלאנגען, אנ׳אייביג געדענקען
וועקט אין איהר קולות פערבארגענע טיף!

עס טרינקט די לבנה ווי זילבערנע טרעהרן
די ראסע פון דר׳ערד. — עס יאגט אהן א אויפהער די צייט
מיט ווייסע פליגעל איבער גילדענע שטערן!
איבער דער נאכט זיך גאטס שכינה פערשפרייט. — —

# ליליען.

נאכט־נעכטליך זיך לייגען הימלען פול שטערן
טיף אין די טייכענס פרידליכען תהום!
ביי ברעגעס די ליליען פערחלומטע הערן
זיך איין אין דעם וואונדערליך הימלישען טרוים...

מאל הערט מען קולות פון וואסערן זינגען,
א נייגען און בייגען ארום און ארום,
די ליליען רוישען, ווי הארפען צעקלינגען
און הערן זיך ווידער אין וואסער איין שטום...

זיי פערשלינגען די סודות פון וואסער־תהומות,
פון פערטראנקענע ריטער מיט פאנצער און שווערד,
ס׳פערברענגען די ליליען די נאכט אין חלומות
ביז עס וועקט זיי די זון ווען טאג ארום ווערד.

# אפּריל.

גרויסע בלעטער, שטארק צעשפּרייט,
בלומען אין דער גאנצער פּראכט
גרוסען מיך שוין פון דער ווייט
נאך דער טויטער ווינטערנאכט!

"ספּיהלט דער בוים דעם הויף דעם קאלטען,
וואס פון ווינטער דורך איהם פליהט,
קליינע קנאספּען זיך בעהאלטען,
נאר דיין האפנונג איצט שוין בליהט!"

ווי די פייגעל זיך צעזינגען,
אין יעדען נעסט א ליבליך פּאר,
אין דער הייך ווי גלעקליך קלינגען
צו דעם אויפשטעהן פון נאטור!

"ס'איז דער שניי ערשט אבגעגאנגען,
ווייט דער קאר פון פריהלינג ציהט,
נאר דו הערסט שוין זיינע קלאנגען,
אין דיר ציטערט שוין זיין ליד!"

רויטע רויזען, ווייכע בלומען
קינדערליך מיט ליפּען קושען
און עס פליסט דער ריח אין שטרומען,
אז די חושים זיך מיר מישען!...

„איך בין דאך די בלומען, רויזען
און דו פיהרסט דאס קינדערשפּיל !
אלע קרעפטען וואס הערסט ברויזען
איז דיין קראפט און דיין געפיהל !“ —

# בלעטער.

דאצו האט די זון אייך געקושט מיט די שטראהלען,
מיט מוטערליכער ווארם געוועקט אייך צום לעבען,
דאצו האט דער שטאם זיין קראפט אייך געגעבען
פון ביימער זאלט טויט איהר אלץ פאלען און פאלען!

נישט מעהר וועלן פייגעל זייער ליעבע אייך קלאגען,
די זון אין פערגעהן אייך גינגאלד פערטיילען,
נישט מעהר וועט דער ווינד אייך די מעשיות פערציילען,
נאר וויינען וועט ער — ווי דעם קדש צו זאגן!

נאך האבען דעם הימעל קיין וואלקען בעצויגען,
נאך ווייט איז פון ווינטער דער אייזיגער טריט
און שוין האט זיין הויך געפארבט אייך מיט בלוט,
און שוין האט דער טויט איבער אייך זיך געבויגען!

די יונגע חלומות נאך גליק און נאך לעבען,
די מענשען־נשמות, וואס צום ליכט זיך אלץ בעטען
אייך האט דאס שיקזאל אין דר׳ערד איינגעטרעטען
און פערגעסען וועט ווערן איי׳ר זיין, איי׳ר שטרעבען!״

(אין בלעטער פערטריקענט זיך רופט אן א זשימען,
הויך מיטן ווינד זענען זיי אויפגעפלויגען,
ווי שטאלץ אט דעם מיטלייד צו זעהן אין די אויגען,
און א וואונדער — פון בלעטער איז ענטפער געקומען!)

„נישט קלאגען מיר ווילן! דעם שטאם איבערגעבען
מיר האבען אויף תמיד אונזער גייסט, אונזער קראפט,
געזאמעלט האט ער דורך אונז זיך די זאפט,
וואס תמיד וועט וועקען צו נייעם זיך לעבען!

און ליגענדיג שלאף דא פערדעקען מיר זאמען,
פארן פריהלינג מתנות אין זיך מיר בעהאלטען
און קוים האט פערטריבען דעם הויך ער דעם קאלטען
ארויסשפרינגען זיי וועלן אין בליהענדיגע פלאמען!

דעם שטאם וועלן בלומען צו פיסען זיך לייגען
מיט א ריח א זיסען אין לופטען אויסוועבען
— א שעהנע לעגענדע פון לאנגסטיגען לעבען —
און וויקלען אין איהר — נייע בלעטער און צווייגען.—“

# ווילדע גענס

עס רוישט דורך דער נאַכט פֿון בלעטער דאָס פֿאַלען..
עס געהט דורך דעם וואַלד ווי פּראָסטיג אַ שוידערן.
אויף צווייגען זיך העננען דער לבנה'ס שטראַהלען.
איינס נאָכ'ן אַנדערן ציהען און פֿליידערן
ווילדע גענס.

„קענסט, מיין געליעבטער, אויך היינט גאָר נישט געבען?"
ניין, נישט געקומען איז גאָלדענער רעגען.
געה, און פֿערקויף דיך דעם שענדליכען לעבען,
עס וואַנדעלט אין וואַלד אויף טרויריגע וועגען
אַליין איצט אַ מענש...

עס געהען צוויי מענשען דאָרט טיעפֿער אַריין
אין וואַלד און בעשמעוסען גאָר היימליכע זאַכען. —
עס גלאנצט אין זיין האַנד ביי דער לבנה'ס שיין. —
עס דאַכט, אַז גאַנץ נידריג איצט פֿליעהען און לאַכען
ווילדע גענס.

צווישען די ביימערס ריזענגעשטאַלטען
בלאַס גאַנץ אין פּנים, ווי ווילד און פֿערשטערט,
אַהין, וואו אין שילף האָט אַ טייך זיך בעהאַלטען.
וואו עס וויעגט דער לבנה'ס זיך אָפּבילד פֿערקלערט
לויפֿט שנעל אַ מענש

און לעשט זיך אין וואַסער אויף תמיד די וואונדען !...
עס געהט דורך דעם וואַלד ווי פּראָסטיג אַ שוידערן. —
צוויי מענשען דאָרט זענען אין שאָטען פערשווינדען. —
עס ציעהען איצט שנעלער און שטילערהייט פלוידערן
ווילדע געגס.

# דער סוד פונם וואלד

וואָס האָט דען די ערד צו לייד איהר געטהון?
דעם פריהלינגס ווערק וויל זי איהר פערברענען.
און נוקם וויל זיין זיך אין איהר די זון
איהר יוגענדגעפיהל וויל זי מעהר נישט קענען!

ווי אַ מגפה פערצעהרט אַלץ איהר האַס.
ווי גיפטיגע שלאַנגען אַרומבייסען די שטראַהלען.
אין פייער צעשפרינגען די שטיינער פון גאַס.
עס נייגט זיך דאָס גראָז פערגעלט אומצופאַלען!

דער וואַלד נאָר אַליין איז צו וועהרען זיך גרייט
און לאָזט נישט זיין דעק פון די שטראַהלען צעשפאַלטען
יעדער בוים ווי פערצווייפעלט די אָרם פערשפרייט
דעם הייליגען סוד פונם וואַלד צו בעהאַלטען!

איך געה אין דעם וואַלד – די איינזאַמקייט ציהט –
עס רופען אַלץ ווייטער גאָר וואונדערליכע קלאַנגען.
עס זינגט פון די ביימער אַ וואונדערליך ליעד.
עס וויעגט אין דער לופט זיך אַ זינליך פערלאַנגען!

האַ, דאָ איז קיהל — און טונקלער אַלץ ווערד.
דער ברענענדיגער שטראַהל פון דאַנען מוז וויכען!
איך פיהל אַז דעם סוד פונם וואַלד, פון דער ערד
וועל באַלד איך דערקענען, וועל באַלד איך דערגרייכען!

איך האַלט איין מיין שריט... מען הערט פֿון דער ווייטען
אַ פויגעל זיך זינגען פֿון ליבשאַפֿט אַ ליד,
עס קלינגט ווי געשריי דורך אייביקייטען,
ווי שכור פֿון פֿרייד, פֿאַר בענקשאַפֿט מיד! —

ס'בעהאַלטען זיך ווינטליך אויף ביימער און שוויגען,
עס שמעקט פֿון די קאָרעס ווי פֿערבאָרגען געפֿיהל,
אונטער גאַנץ ברייטע און בענשענדיגע צווייגען
זיצען צוויי מענשען און קישען זיך שטיל. —

# מיטאג

צוריק זיך שאָטענס אַלע ציהען,
קליין געוואָרן פאַר דעם ליכט!
אַ מענש זיך שלעפּט נאָר, וויל אויסרוהען
און דעם קראַנקען שאָטען זיכט...

אויף די פעלדער ליגט אַ שווייגען,
ס׳גיט קיין גרעזעל זיך אַ ריהר!
פון די ביימערס שטילע צווייגען
וואַגט קיין ווינטעל זיך אַפּיר!

פון ליכט דער גאָט פול מאַכטגעפיהל
זעצט זיך אויף זיין העכסטער שטוהל...
זיין ווערק פון איהם געפריווט איצט ווערד
אויף דער שויס פון מוטער ערד!

ער פּריווט די פעלזען מיט די שטראַהלען,
גיט אַ לייב מיט שאַרפע ציין,
וואָס צי שוואַך איז מוז צעפאַלען,
נאָר וואָס שטאַרק איז, דאָס בלייבט שטעהן.

איבער גרעזליך שטראַהלען שוועבען,
ווי גאָר צאַרטע קינדערהענד,
וואָס געזונד איז דאָס בלייבט לעבען,
וואָס שוין קראַנק איז ווערד פערברענט!

ער בייגט אַראָב זיך, קישט די בלומען
דורך דער לופט, וואָס שווער איז, שוויל,
זיי שיקען איהם דעם ריח אין שטרומען,
די בלומענס צאַרטע האַרצגעפיהל...

##ביימער

זעהסט אָט די שלאַנקע, גרינע געשטאַלטען,
ביימער ווי שטילע, פֿערחלומטע מענשען?
טיף אין זיי ליגען נשמות בעהאַלטען,
וואָס זינגען און רוישען און קלאגען און בענשען!

איבער צווייגען געהט שטיל ווי אַ זינגענדיג לייד!
איך זוך אין דעם קול אַ זין צו געפֿינען,
צו איז עס אַ טרויער נאָך פֿערגאַנגענער צייט,
צו ווילן זיי וואַנדערן צו דער ערד צוגעבינען?

נור רוישען און רוישען אַ קוואַל פֿול מיט לידער,
אין געפֿיהל זענען ווערטער פֿון לאַנג שוין פֿערלוירען
נור טראָגט זיך אַ זשימען, געפֿילדער, גערודער,
וואָס ערגעץ אין טיפֿען פֿון ד׳רערד איז געבוירען

# הערבסטגעפיהל.

זעה, בלומען זיך מיט בלומען קושען!
אַ יעדעס גראָז אין טוי זיך שווענקט,
ביימער זיך מיט ביימער מישען,
נאָך דער רוה אין זיך פערבענקט...

ביים וואַסער האָבען אָנגעבויגען
צווייגען זיך די האָר בענעצט,
עס זענען פייגעל אויפגעפלויגען,
וואָס האָבען פריהר דעם טייך בעזעצט.

צי די לבנה האָט פערטריבען
זיי פון דאַנען, צי טריט פון נאַכט,
צי גאָר דער טרויר, וואָס איז געבליבען
און האָט די נאַכט דאָ איבערוואַכט? — —

פון ערגעץ איז אַ ווינד געקומען,
וואָס גלעטענדיג גאָר צערטליך, ווייך,
האָט געלע בלעטער ער גענומען
און געוואָרפען אויף דעם טייך.

די כוואַליעס וועלן ווייט זיי טראָגען,
וואו מען אומזיסט אויף זונען האַרט,
וואו דומפיג וואַסער וועט זיי פלאָגען,
אַז פויל וועט זיין — שוין נישט פערדאַרט!...

דאָ זיצט זיך עמיץ אָנגעבויגען,
ווי גאַנץ אָהן לעבען, שטיל און קאַלט
און נאָר פון די פערמאַכטע אויגען
אַ טרעהר אַמאָל אין וואַסער פאַלט...

איך הער אין לופטען שוין זיין קלאָגען,
דער טייך פערשלינגט זיין טרעהר פון ברעג
אויף יעדען בלאַט, וואָס ר׳האָט פערטראָגען
נעמט ער איין חלום איהם אַוועק! — —

## סוף זומער

ווייטע, נישט־בעבויטע, אָהן אַ גרענעץ פֿעלדער, —
מיד זיך שלענגעלט איבער זיי די טרויריקייט, —
ווי פֿון שטומע טונקעלגרינע וועלדער
אַ ריח פֿון וויאַנען איבער פֿעלדער געהט!..

פֿערשווינדען איז די צייט פֿון צוויט!
די צייט פֿון וואַקסען און געדייהן,
נישט קלינגען קאָסעס מעהר דאָס ליד פֿון שניט,
באַלד בלאָזט דער ווינטער — און אַלצדינג מוז פֿערגעהן!

ווי אויף פֿעלדער שויקלען זיך די ראַבען
און זוכען וואָס אַמאָל אַ האַנד געזייט!
אַלץ פֿערווישט און גאָרנישט לאָזט פֿערבלייבען
דער אייביגער צעשטערער, די אומבאַרמהערציגע צייט!

## שניי.

וואָס קאָן מיך צוריק דאָ פֿערהאַלטען
ווען וואונדערליך רופֿט מיך און ציהט
אַהין וואו ווינדען נור שאַלטען
און שפּינען פֿון ליכט זיך אַ ליד!

אויפֿן וועג דעם ווייכען, דעם ווייסען,
וואו צווייגען פֿערפֿרוירענע קלינגען
ווייט פֿון דער שטאָט, פֿון אומריינע גאַסען
הער איך דעם ווינד אַ לויבגעזאַנג זינגען!

ס'וועהט איבער פֿעלדער פֿון שניי דער ג'רוך
און הונגריג רופֿט זיך אַ קראָה אָן פֿונם בוים,
איך הער ווי עס שעפּשטעט אַ ווינטעל זיין שפּרוך
און עס שמייכעלט צו־נ־איהם דער שניי דורכן טרוים...

עס ריהרט זיך, עס אָטהעמט, עס לעבט דאָך דער שניי!
ער שרייט צו מיר שטיל פֿון אונטער מיין טריט,
ער פֿיהלט אויך ווי קיינער, בעהאַלט זיך געטריי
פֿון פֿערגאַנגענעם לעבען דעם געבליבענעם סליד.

אָט דאָ איבערן פֿעלד זענען האָזען געלאָפֿען,
פֿאַר איילעניש געקענט קוים כאַפּען דעם דעך
דאָרט האָט זיך אַ רעדעל רעבהינער געטראָפֿען
געקריצט אין דעם שניי ווי דאָפּעלטע שטרעך.

איצט זיצען די רעבהינער אַרום אין דעם רעדעל
בעשמועסען אַ גאַנג אין דעם דאָרף אַריין ווייס,
צום פויערס שפּעכלער, צום שענקערס סעדעל,
און אַז שאַרף איז פֿאַר רעבהינער די ווינטערישע צייט.

אַ זילבערנער שלייער פֿון שטראַהלען פֿערשפּרייט
ליגט איבער פֿעלדער און פינקעלט און גלאַנצט!
דער שניי איז געריהרט און געהט אויס פֿאַר פֿרייד,
אין טויזענדער אויגען אַ פֿייער איהם טאַנצט!

און מיך ציהט אַ קראַפֿט צום שניי זיך צו נייגען,
אין זיין גוף זיך צו וואַשען די נשמה מיר ריין,
אין ווייסע אָרעם מיין קאָפּ איהם צו ליגען
מיט איהם אָבצודעכען, מיט איהם צו פֿערגעהן!

באַלד זיך איך פֿערקלערט אויפֿן זוניגען זוים
פֿונם וועג. — דאָס ליכט, וואָס פֿון הימעל און שניי דורך מיר געהט
ברענגט מיר אַ זיסען, אַ גליקליכען טרוים.
און עפּיס אַ גריסען, אַ גריסען פֿון ווייט...

## אינם צוג

מיר פּליהן! די אייזערנע שלאַנג האָט דעם נאַקען געשטרעקט
און לויפּט ווי פּערווירט איבּער בּערג איבּער טאָלען
ס׳דאַכט, דער הימעל צעשפּרינגט די ערד זיך בּאַלד עקט,
עס הייבּט זיך בּאַלד אָן דאָס גיהנם צו מאָלען!

עס האָבּען געהויבּען די פּעלדער, די פּלאַנצען
ווי אין קאָפּ די פּערכשופּטע, ווילדע חלומות
אַרום אָנגענעמען ווי דולע צו טאַנצען
בּיז ערגעץ צו פּאַלען אין שוואַרצע תהומות.

מיר פּליהן איבער וואַסערן, פּליהן איבּער בּריקען,
איך פּרעג נישט נאָך וואָס, איך פּרעג נישט וואוהין,
פּאָרויס איז געבּאָט איצט, צוריק נישט צו קוקען
נאָר ווייט אין דער וועלט, אַלץ פּליהען און פּליה׳ן!

## שמערצען

האָט דען דאָס מזל נישט געקענט שוין בּעשערן
אַ יעדען אין גאָרטען פֿונם טויט זיין דערווישט,
אין גאָרטען פֿול בּלומען דעם גייסט אומצוקעהרן
דעם הימעל, ווען אַ מלאך אויף ליפּען איהם קושט!

מוז אַראָבּוואַרפֿען נישט איינעם דאָס לעבּען
אין אָבּגרונד פֿול וועהטאָג אין שמאַרץ!
ווען בּלוטיג ער ראַנגעלט אין זוניג זיך שטרעבּען,
מוז ציהען דער אָבּגרונד איהם שוואַרץ?

און קען מען קיין מאָל דעם דנאָ שוין דערגרייכען
פֿון שמערץ? קיין סוף קען מען זיין גאָר געוויס?
מוז מען דען תמיד אויפֿס׳ניי אַלץ דערבּלייכען
און זעהן, ווי גאָר טיף ס׳איז נאָך אונטער די פֿיס?

עס פֿאַלט דאָ נישט איינער אַ צעבּראָכענער שאַרבּען,
אַ שטראַהל אָדער שאָטען פֿונם לעבּן נאָך קוים
אין דער נאַכט פֿון די שמערצען פֿאַמעליך צו שטאַרבּען,
פֿאַמעליך פֿערגעהן אין אַ שמערצען־תהום!

* * *

זינגט ברידער! זאָלן שפּרינגען אײַך די לידער
ווי אַ קוואַל פֿון פֿולער ברוסט!
ס'פֿינקלען אויגען, ציטערן גלידער,
פֿרייד אײַך יעדער טאָן צעגיסט!

זינגט ברידער! שרעקט דאָך אײַך נישט אויך דאָס לעבען
ס'וואַרפֿט קיין שטורם אײַער שיף,
דער כּח וואָס אַײַך האָט עס געגעבען
האָט קיין סם דאָך אין זיין טיף!

זינגט ברידער! אפשר אין די שטראַהלען
פֿון אַײַער פֿרייד, פֿון אַײַער ליד
וועט מיין שאָטען אויך פֿערפֿאַלען,
וועט שמייכלען מיין נשמה מיד!

זינגט ברידער! דאָך מיין נשמה איז געריסען,
ווי אַ טייך פֿערפֿלייצט מיין שמאַרץ!
און ביטער פֿון מיין לייד געביסען
העכער פֿון אַײַך שרייט — מיין האַרץ!

## אין אסיען טאג

עס זינגט מיר צו ווילד דער אייז־קאַלטער ווינד!
מיין ים וויל ער שטילן, מיט אייז איהם פערגלעטען!
די קעלט זיך פערגנבעט ביז צו דעם גרונד
פון הארצען, די כוואַליעס צום ווינטער איינבעטען!

אין הארץ פרעסט פון טרויער אַ גיפטיגע שלאַנג,
וואס ציהט זיך פון הימעל דורך אסינעם רעגען!
שרייסט מיין נשמה? קוקסט אַרום באַנג,
זוכסט דיר אַ ליכטשטראַהל, זוכסט נייע דיר וועגען?

זעה דאך פון ווייטען אַ זון צו דיר לאַכען,
וואס זאגט אן אַ פריהלינג אין אסינעם טאג!
זעה, זיינע שטראַהלען דיין לעבען בעוואַכען,
דעם שימעל פערברענען פון טרויער און פלאג!

נישט ברעכען זאל דיך דער שליח געטרייער
פון ווינטער אַ קאלטען, נישט מאַכען דיך מיד!
מיין הארצענסגעליבטע צעבלאזט דיר אַ פייער
און זינגט זיך פון אייביגען בליהען אַ ליד.

## איך פרעג מיך אליין...

איך פֿרעג מיך אַליין, נאָך וואָס נאָך צו זינגען
ווען עס רייסט יעדעס וואָרט מיר די וואונדען נאָך מעהר?
נאָך וואָס מוז דער שמערץ ווי די האַרפֿען נאָך קלינגען
נאָך וואָס שווימט אַרויף צו די אויגען די טרעהר?

איך פֿרעג מיך אַליין, נאָך וואָס נאָך דאָס שטרעבען,
עס מאַכט יעדען פלאַן מיר די צייט דאָך צו שאַנד!
ווי שטורמווינד רייסט מיינע בלעטער דאָס לעבען
און ליגט זיי דעם טויט אין פֿערגליווערטער האַנד!

איך זאָג מיר אַליין, גיב אויף דיין בעגעהרען!
דאָך שרייט מיין נשמה אויף דעם שרעקליכען רויב
און שפינט זיך חלומות צווישען גאָלדענע שטערען
און זינגט זיך גאַנץ שטיל פֿאַרן לעבען איהר לויב.

## מיין קינד

איבער דיין וויגאַלי שטעה איך געבויגען,
דו שמייכעלסט און הערסט אויף צו וויינען!
איך קוק דיר אין דיינע קלוגעטשקע אויגען.
איך פריוו זיך דיין צוקונפט דאָרט ליינען.

איך שטעה אי אין טרויער אי אין פריידען,
מיין ליבשאַפט צו דיר איז פאַרשטערט,
איך וואָלט דיך בעפרייט פון די ליידען,
וואָס ס'האָט אונז דאָס לעבען בעשערט.

איבער דיין וויגאַלי שטעה איך געבויגען.
און כ'פיהל, ווי דער גורל שפעט הינטער מיר,
איך קען מעהר נישט קוקען דיר אין די אויגען,
מיין קינד, איך האָב מורא פאַר דיר!....

## דער גייסט

און ווען איהר וועט אין פיין איהם ליגען,
צו דער טאַט איהם וועקט אַ פיבער,
אַייך צו דר־ערד אַלץ נצהנטער בייגען,
ווייט פון הימעל — נאָהנט צי גריבער!

איהר וועט זיין פייער וועל פערשיטען,
ברענגען אָן דעם קויט פון רעגען,
ווען נאָך פינקען גליהן אינמיטען
וועלן צוואַרפען זיי אויף וועגען!

איהר קענט פון פייער פינקען מאַכען.
און צום צווייפעל דאָס בעגעהרען!
גרובער גראָבען — אַייערע זאַכען,
פון לעבענסקראַפט נאָר מאַכען טרעהרען!

נאָר יעדען פונק וועט ער אויפהייבען,
צום האַרץ זיך איהם צודריקען,
איהם אין פייערבלומען טרייבען,
די בלומען קענט איהר נישט דערשטיקען!

פון דעם פאָרך וועט ער בעלעבען,
פון אַש אויפוועקן די נשמה
און אַ דאָרשט וועט ער איהר געבען
נאָך דער פרייהייט — און נקמה! .

* * *

וואו נעמט מען זונענס הייסע פֿאַרבען
אין זיי פֿערטראַכט פֿערלירען זיך, פֿרגעסען,
מיט זיי׳רע שטראַהלען צו פֿערגעהן זיך, שטאַרבען
און געפֿונען דאָרט מיין רוה!
איך וואָלט געוואָלט מיין קאָפּ דאָרט ליגען,
טרוימענדיג אויף אייביג זיך אַנשלאָפֿען,
מעהר נישט פֿאַלען און זיך נייגען
איבערן אָבגרונד פֿון מיין שמערץ!

וואו נעמט מען ס׳שעהנע לאַנד פֿון לידער,
דאָרט וואָלט געוואָלט איך שטיל מיר קלערן
אַ געמאַרטערטער אַ מידער
מיט טענער שטילען מיר דאָס האַרץ!
אַך, גאַנץ ווייט זיך איבער צייטען שווימען
אין זייער שויס מיין גייסט צעגיסען
און קיינמאָל נישט צוריקצוקומען
צו מיין צייט און צו מיין שמאַרץ!

# טרעהרען.

מיר טהוט נישט בּאַנג נאָך מיינע טרעהרען
ווייל אויס זיי מיר לידער ווערען,
וואָס וויגען זאָלן אין חלומות
און פערשטעלן שמערצען־תהומות

פון דיכטערס טרעהרען פערל ווערען,
אין מענשענהימעל — גינגאָלדשטערען
און דער גייסט זיך קרוינט מיט זיי
צו מאַכען איידעל, מאַכען פריי!

און ווען אַ לידערהעלד מוז פאַלען
שפּרינגט אַרויס אַ זון מיט שטראַהלען,
ווען דיכטערס שמערץ איז לאַנג פערוויטערט
אין די לופטען זי נאָך ציטערט! —

# מיזאנטראפ.

אַך, ווי פֿיהלט מען זיך געריסען
פֿון דער וועלט, בעדעקט מיט אייז!
איך אַנטלויף צו בלוט געביסען
פֿון דער שטוב — און פֿון דער גאַס!

כ׳וויל נישט הערן מעהר קיין ברומען
און קיין גיפֿטיג שטילע רייד,
זאָל צו מיר קיין מענש נישט קומען,
וועקען מיר מיין כעס, מיין לייד!

כ׳האָב דעם וואַלד מיר אויסגעקליבען,
וואו פֿערלאָזט אַליין איך שטעה
און איך וועל די ביימער ליבען
און פֿערגעסען אין מיין וועה!

נישט די פירות וויל איך קלויבען,
כ׳האָב העק צו נעמען נישט געמיינט,
נישט קיין אוצרות וויל איך רויבען,
כ׳וויל מיט ביימער זיין פֿעראייניגט!

ווען דער דונער וועט זיי קלינגען,
עס וועט ברעכען זיי דער ווינד,
דעמעלט וועל איך מיט זיי זינגען
מיינע שמערצען אָהן אַ גרונד!

ווען זיי ווע‏לן דאָרשטיג טרינקען
פֿון דער זון די הייסע שיין,
כ׳וועל מיט זיי אין ליכט מיך טינקען
מיט זיי׳ר פֿרייד אויך פֿריילעך זיין!

ביימער האָבן שאָטן קיהלע,
וואו אין גראָז מיט זיך פֿערמישט
וואַקסען פֿיילכען און געביהלע,
וואו דער טרויט דעם שטערען קושט!

ביימער האָבען ווייכע צווייגען,
איבער מיר זיי׳ר קאָפּ זיך בייגט
ליבליך שטיל, אין נעבעליך שווייגען
צו דער רוה מיין האַרץ זיך לייגט...

— — — — — — — — — — — — — —

נאָר עפּיס צווייגען אַרומנעמען,
ווי מיט מענשליכע גאָר הענד! — —
אַך, עס שטיקט מיך ווי מיט קלעמען
און אויפס ניי מיין בענקען ברענט!...

# דער גייסט פונם שעהנעם

און ווען כ׳האָב געמיינט, מיינע חושים כ׳פערליר
איז ער דאָך געקומען און געזאָגט צו מיר:

פעריאושט ביסט טריימער? ווען פערהילט ביסט געזעסען
אין גראָהליכען שלייער פון טעגליכער פיין
אונטער מחשבות טרויער־ציפּרעסען
נישט געזעהן האָסטו גליהען מיין שיין?

און ווער וועט מיך קריינען אין געחלומטע שטערען,
ווער וועט זיך געבען די ליבליכע מיה,
מיך תמיד געפונען און תמיד בעגעהרען
און קיין מאָל דערקענען קיין רוה?

פערגעסטו מיך ליבער? בין איך דאָך געזעסען
אין יעדען דיין אָבגרונד, ווען געמיינט האָסט פאַרביי
און פערהאַסט איז דאָס לעבען! און דאָך נישט פערגעסען
האָב איך דיין נשמה, דיר תמיד געטריי!

אין שאָטענס פערגעסען, מיט אייך וועל איך לעבען!
אין איי׳רע נשמות פינסטערער נאַכט.
מיט לידער און טרוימען זאָלט איהר מיך פערוועבען,
מיט אייער געפיהל פערטיפען מיין פראַכט.

דורך אייך וויל איך מיך צום מענש אַראָבבייגען,
אין זיין מיה מיט מיין הויך איהם דערקוויקען,
אויף אַ ווייל זאָל ער שטיל זיין ווערק אַוועקלייגען
און געפונענדיג רוה — צו מיר זיך אומקוקען!

## צוויי דיכטער

(אַ שמועס

שטיל קנאַקען אין פלאַמען די טרוקענע צווייגען
און זינגען זיך שטאַרבענדיג ס'לעצטע נאָך ליד. —
דרויסען פאַרן פענסטער שטעהן ביימער און שווייגען
אין שאָטען געהילט און שלעפריג, מיד.
די לבנה צערייסט פון וואָלקען דעם שלייער,
פערזילבערט די טרעהר, וואָס אויף שויבען דאָ טריפט. —
פערקוקט ביי דעם אויווען אין זינגענדיג פייער
זיצען צוויי דיכטער אין שמועס פערטיעפט...

„זאָל איך נישט ס'אַכזריות פונ'ם לעבען פערקלאָגען,
וואָס וואַרפט אין דער פרייד שוין זיין זאַמען פון פלאָג,
וואָס שענקט בין־השמשות און אייביג נאָר טאָגען
און רויבט דעם פערלאַנגען דעם זוניגען טאָג?
געזעהן האָב איך תמיד מיך וואַנדערן אויף שפיצען,
מזבחות אָנצונדען דער געטליכער הייך,
און מוז דאָך אין קויט צווישען אַנדערע זיצען,
איבער זומפען און שמוץ — מיר גרינדען מיין רייך!
אַ שטורם פון בערג, וואָס די וואָלקען צעקראַצען
האָט געזאָלט קומען נבאיש מיין וואָרט
און געמאַכט האָט דאָס לעבען מיך אַליין פאַר איהם טויב
און פיפסען מוז איך ווי די הונגריגע שפאַצען,
וואָס געפינען זייר פרעס ביים פרעמדן נאָך זשלויב!

פריי האָב געוואָלט איך אין לעבען אַריינלאַכען,
אַ סך צו בעפרייען און גליקליך צו מאַכען

און עס שפּייזט מיך מיט גיפֿט זיין פֿערדאַרבענער בוים
צו זינגען אַ קלאָגליד אויפֿן טויט פֿון מיין טרוים!
אין פֿינסטערע וואָלקען וואָס שטערן בעדעקען,
ציטערט מיט בליצען אַ טרויריגע נאַכט...
עס קומט נאָך אַ האָפֿנונג פֿון יאוש צו וועקען
און ווערד באַלד פֿון לעבען דערשטיקט און פֿערלאַכט!"

„אויך איך האָב געשטרעבט אין דער הייך פֿול פֿערציקען!
דאָך פֿון די הימלען דעם טרוים האָט צעשטערט
דער הונגער! אַראָב זיך געניינט האָבן טרויריגע בליקען
און וויסט איז געוועזן, פֿול שטיינער די ערד! —
כ'האָב געזאָגט צו דעם לעבען: מיין פּלאַץ האָסט פֿערביטען!
צו שווער אויף די אַקסלען האָסט געלייגט מיר דיין לייד!
ביז ליב האָב בעקומען איך ד'ערד — און געליטען
האָב געפֿינען אין ליידען איך זאַמען — פֿון פֿרייד!
אין שאָטען פֿון שטיינער האָב דערזעהן איך די בלומען,
וואָס קומט און פֿערגעהט די אייביגע ציר,
געפֿיהלט אונטער דער ערד האָב איך רוישען פֿון שטרומען,
געוואוסט אַז זיי קומען דאָך ערגעץ אַפֿיר!

נאָך אייביגען זומער איז געוועזן מיין פֿערלאַנגען,
נאָך רויזענס צעבליהטע, נישט פֿערדאָרבענער פּראַכט
און איז אויך די קראַפֿט פֿון דער זון מיר פֿערגאַנגען,
געשטאָרבען די ערד, פֿון שאָטענס בעוואַכט,
איז מיר דאָך געפֿעלן דאָס פֿערבאָרגענע לעבען,
און ווינטריגע פֿעלדער און ראַבענגעשריי,
געלאָזט האָב מיין גייסט איך פֿול ליבשאַפֿט דאָרט שוועבען,
געפֿיהלט ווי עס ריהרט זיך אויך אונטער דעם שניי!

און טרייבט דיך דאָרט אויוועז אומרוהיג פֿערלאַנגען
צו הערן דעם רויש פֿון אונענדליכער ווייט
איך נעם אויף דער ערדס פֿערבאָרגענע קלאַנגען
און זינג מיר אַ לויבליד — דערווירקליכקייט״ !

## ביים ברעג

אין מיטען טאָג זוי טונקעל, טונקעל!
צי לייגט די זון זיך שוין צו רוה?
אַן־אַלטער זוכט זיך אָפּ אַ ווינקעל,
עס פאַלען איהם די אויגען צו!

ער הערט ווי גלאָקען רוישען, קלינגען,
— קלינגט עס נאָר אין זיינע אויערען? —
ווייטע קולות רופען — זינגען
פון זיין יוגענד — לאַנג פערלוירען!

אָ ניין, אַ פייפעלע גאָר קליין!
— צווישען בלעטער רוישט דער ווינד? —
עס שפּילט זוי טרויריג, אַזוי פיין,
— צו־נאַ חלום נאָר אַצינד? —

עס קומען מיידליך גאָר מיט טעגץ!
שעהמט איהר אייך נישט נאַקט צו זיין?
זיי צירען זיך מיט בלומענקרענץ,
דאָך וועקען זיי אין איהם נאָר פיין!

איז זי אויך אַהער געקומען?
אויף זיין שויס לייגט זי איהר שטערען!
— צי נאָך דעם גליק, וואָס איז פערשווימען
גיסט זי אויס די הייסע טרערען? —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

זוי ווײנענדיג די גלאָקן קלינגען
צו די לאַנגע, שווערע טעג!
די יוגענד האָט איהר ליד געזינגען,
איצט פֿאַלט דער אַלטער אויף דעם וועג! —

עס קומט אַ ווינטעל, ציטריג קיהל
און רוימט אַ סוד איהם איין אין די אוירען,
עס זינגט זוי שוּיריג, טרויריג, שטיל,
„ס'לעבען, ס'לעבען שוין פֿערלוירען!"

אַ וואָלקען איהם זיין מיטלייד שיקט,
אַראָב פֿון הימעל טרעהרט אַלץ טרעהרט,
דער אַלטער בּיקט זיך אַלץ און בּיקט
עס ציהט איהם ציהט די מוטער־ערד!

און ווידער קומט זי מיט אַ כליפּען,
צערטליך איבּער איהם געבּויגען
לייגט זי אַ קוּש אויף זיינע ליפּען,
דריקט מיט פינגער איהם די אויגען...

# בלאהע פייגעל

האָב מיך געוויגט אין מאָרגענט רוים,
פון אַ זומערטאָג אַ הייסען!
ווען ס׳וואַרפען שטראַהלען אַ גילדנעם זוים
און די פינסטערניש צערייסען.

איך האָב געפיהלט, ער קומט פון ווייטען,
בעפרייט אונז באַלד פון שאָטענס פלאָג,
אָט זינגען שוין פון אַלע זייטען
די בלאָהע פייגעל פאַר דעם טאָג!

און אַלע בלעטער, אַלע בלומען,
דער נאַטור אויף יעדער שטעל
פערציילען זיי — דער טאָג וועט קומען
און וועקען אויף מיט זייער טרעל.

— — — — — — — — — — — — — — — —

דאָך איז געקומען אָט דער שטורם,
צוריק די פינסטערניש — די נאַכט!
עס בוירט אין האַרצען זיך אַ וואָרם
איין דונער נאָך דעם אַנדערן קראַכט!

עס שטעהען צווישען שוואַרצע ראַבען
פייגעל בלאָה אין ערשטער רייה,
כ׳ווייס נישט, ווי לאַנג ס׳וועט אַזוי בלייבען,
ווי לאַנג ס׳וועט דוירען זייער געשריי! — —

## מײַן טרינקליד

בעכערס געפּולטע בערירהען זיך. קלינגען.
איהר האַלט זיי פול פריידען. האַלט זיי געוויס!
און איך וויל אַ טרינקליד צום טיש אייך נאָך זינגען
דאָך וואו איז מיין בעכער, מיין בעכער וואו איז?

ס'איז באַלד נאָך דער סעודה, וואָס קומט נישט צוריק
און באַלד זיך פערמאַכען פאַר אונז אַלע טירען;
און מיר איז אין שמערצען און טרוימען פון גליק
אויף תמיד, אויף תמיד מיין בעכער פערלוירען!

ס'האָט איינער די ליפּען געהאַט ביי זיין ברעג,
דער אַנדערער פון איהם געטרינקען זיך זאַט,
איך האָב געקלערט פון זיין גרונד און זיין צוועק
און קיינמאָל דעם כוס אין די הענד נישט געהאַט!

און הייבט איהר נאָך ווייטער די כוסות פון פריידען.
פון פערבאָרגענהייט ברענג איך אַנ'אַנדערען פלינק,
איך הייב אויף דעם בעכער פון ליב און פון ליידען,
לחיים אייך, ברידער, איך טרינק אויך, איך טרינק

## צו די היטער פון דער „עפענטליכער מיינונג".

בעהאַלט אייך די שער! וואָס שנייד איהר די פליגעל
לויט אייער פערשטאַנד און דער הייך פון איי׳ר פלוג?
מענשליך פערלאַנגען — וואָס קלייד איהר אין ציגעל
פערבייט די זומערנעכט הייסע — אין ווינטערדיגען טאָג?

ס׳צאַפּעלט אַ מענשהייט אין פערשאָלטענעם נעץ,
פערבלוטיגט אין תפיסות פון אייער געזעץ
פון אַ קאָרצען אָטעם, געבראָכענער קראַפט,
וואָס שטענדיג פאַר ד׳אויגען איהר שפּינגעוועבס שאַפט!

קיין מאָל וועט איהר קענען ס׳געזעץ פונם לעבען,
וואָס מעהר צו פערלאַנגען און וואָס מעהר צו געבען,
ווייל אין קאַמף, וואָס אַרום לעבען אַלץ ברענט
איהר פיהלט, אַז איהר קומט נאָר מיט ליידיגע הענד!

זוי זאָגט איהר וואָס גוט איז און וואָס עס איז שלעכט,
איהר קאָוועט די קייטען, איהר קאָוועט דאָס „רעכט"
און ווייסט נישט וואָס שעהן איז און פון כחות שווער
און וואָס עס איז מיעוס, אויפגעבלאָזען און לער.

## מיין תפלה

אָ גיב
אַז נישט רייסען זאָל מיך אין זיין גריב,
אין זיין שטויב, וואָס פֿערצעהרט — דאָס טעגליכע לעבען!
אַז איבער תהומות זאָל איך אים גייסט אַרומשוועבען
ווי די שכינה אַ מאָל איבער וואַסערנס טיפֿען!
שאַפֿען פֿון זיי וועלטען, ניי לעבען אַרויסרופֿען
דאָך אין דעם שטויב פֿון זייער זיין
אַליין נישט פֿערגעהן, אַליין נישט פֿערגעהן!

אָ גיב
אַז וואָס הייליג איז מיר און וואָס ליב
זאָל אייביג אין מיר ווי דער סנה אַ מאָל ברענען!
אָ לאָז מיינע פֿליגעל דאָך קיין מאָל דערקענען
די קראַפֿט פֿונם ווידערווינד וואָס ברעכט!
אָ צינד־מיר אָן טוזענדער לעכט,
וואָס קיין מאָל זאָלען קענען אַ צאַנקען;
און לאָז פֿאַר שמערצען מיך שרייען — דאָך קיין מאָל
נישט יאָמערן. אַ קראַנקען!

אָ גיב
אַז וואָס נידריג אין מיר און וואָס טריב
זאָל אין דיין מלוכה פֿון גייסט זיך מאָל לייטערן!
אַז צו דיר אין מיין גייסט זיין דערהויבען—זאָל איך נישט דערווייטערן
מיין האַרץ פֿון מיינע ברידער די קליינע!
אַז בעפֿרייען זאָל איך די נשמות די ריינע,
פֿון אונטער ווי׳ר יאָך אויפֿרעכטען זיי ווידער!
און טרייסטען זאָל זיי מיין וואָרט און בענטשען מיינע לידער!

# תוכן :

דרוקעריי „פּראַצאַ" לעמבערג.

